# דראַמאַטישע שריפטן

צווייטער בוך

פון

## מאָריס מילשטיין

פאַרלאַג כסף וזהב

ניו יאָרק, 1951.

צו מיין ליבער מוטער —

ח ו ה  ב ת  מ ש ה !

מתתיהו בן דוד צבי.

## אינהאַלט:

# צוויי קאָמאַנדירן

(אַ קריגס-שפּיל אין דריי בילדער, עפּילאָג).

1918

## פערזאָנען:

ברודער שטראָל: (ערשטער קאָמאַנדיר).

נאָכפאָלגער.

אַלטיטשקער.

פראָנט.

אומרעכט. (צווייטער קאָמאַנדיר).

חילות.

# ערשטע בילד

(זומער. אַ גרין רחבותידיק פעלד. פון איין זייט איז דער הימל פאַרכמאַרעט. שוואַרצע וואָלקנס קלייבן זיך צוזאַ־מען אין מאַסן. און פון דער צווייטער זייט הימל שפּרייט זיך אַ פאַרחלומיטע, זוניקע ליכטיקייט. פון דער לעצטער ריכ־טונג הערט זיך דאָס שפּילן „די ליד צום אָוונט־שטערן" פון וואַגנערס „טענהויזער". דאָס שפּילן דערנענטערט זיך אַלץ נענטער און נענטער).

ברודער שטראַל: (ערשטער קאָמאַנדיר; איז אָנגעטאָן אין אַ ליכטיקן מאַנטל. קומט אָן פון דער זוניקער זייט — פאַרטראַכט און געלאַסן. הינטער אים קומט אונטער רואיק אַ קליינע צאָל נאָכפאָלגער. אַלע טראָגן מיט זיך שווערדן און שפּיל-אינסטרומענטן. די שפּיל־אינסטרומענטן אין די הענט, און די שווערדן אין די שיידן אויף רימענס איבער די אַקסלען. טרעטן אויף שפּילנדיק. — פון דער צווי־טער זייט וואָס אַנטקעגן, דערטראָגט זיך פון ווייט דאָס שאַלן פון טראָמפּעטן און דער טאַקט פון אָנקומענדיקע שווערע טריט פון אַ גרויסער מיליטערישער מחנה. — ברודער שטראַל שטעלט אָן זיינע בליקן צו דער דערמאָנטער ריכטונג; די אויגן אָנגעשפּיצט מיט דעם פייער מיט וועלכן מען קוקט אויף אַ שונא. גיט אַ צייכן צו זייניקע זיך אָפּצושטעלן).

אַלע: (הערן אויף שפּילן, שטעלן זיך אויס אַרום קאָמאַנדיר).

ברודער שטראַל: (דורך אַ ווייכן און דאָך ווירקזאַמען טאָן) הערט אויס, מיינע ברידער, וואָס איך האָב אייך צו זאָגן. הערט זיך איין צו אייער קאָמאַנדיר און לערער, וועלכן איר אַליין האָט אויסגעקליבן און רופט אים — ברודער.

— ברודער שטראַל!

— יאָ, אונדזער וועגווייזער, מיר הערן!

— מיר אונטערוואַרפן זיך דיין יעדן וואָרט!

ברודער שטראַל: ווייסט איר אייער אויפגאַבע אצינד? ווייסט איר צוליב וואָס מיר זענען אַהער געקומען?

— יאָ, מיר ווילן דאָס ווּיסן!

— דיין וואָרט איז אונדזער תורה!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : (אָנצייגנדיק אויף לינקס) קוקט! זעט איר אָט דאָרט יענע שוואַרצע כמאַרעס?

— יאָ, מיר זעען!

— מיר זעען!

פ ר א נ ט : (אַ זאַטער, אויסגעפוצטער בחור, מיט רויטע באַקן און מיט רינגען אויף די פינגער; אינדערשטיל צו אַ צווייטן, אַן אַלטיטשקען). וואו?

א ל ט י ט ש ק ע ר : (מיט אַ פאַרבערדלט פנים, און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט). איך זע גאָרנישט. (פאַרהוסט זיך).

— (צו די לעצטע) ש־ש־ש!...

ע ט ל ע כ ע : (איינצייטיק, אויף אַמאָל) יאָ, מיר זעען כמאַרעס!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : קוקט! דאָרט וואו ס׳איז פינצטער, דאָרט איז דעם טייוול׳ס קעניגרייך.

פ ר א נ ט : (שטיל, צום אַלטיטשקן) אַ וואָס? וואָס פאַר אַ קע־ניגרייך? וואָס פאַר אַ טייוול?

א ל ט י ט ש ק ע ר : (ציט מיט די אַקסלען) כע, כע, כע...

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : (אָנגייענדיק) „פאָטער" רופט ער זיך! אָבער זיין נאָמען איז — אומרעכט. ער איז דאָס דער אייביקער, איינ־ציקער שונא, וועלכער וויל אונדז באַהערשן.

ע ט ל ע כ ע : טויט און פאַרניכטונג צו אים!

א נ ד ע ר ע : אונדזערע קעפּ וועלן מיר לייגן פאַר אונדזער פרייהייט און ערע!

— אונדזער אַרבעט איז אונדז הייליק!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : וועט איר שווערן דערויף?

א ל ע : יאָ, אונדזער לערער און ברודער! (מיט אויפגעשטעלטע הענט) מיר שווערן! שווערן!

פ ר א נ ט , א ל ט י ט ש ק ע ר : (טוען דאָס — צוריקגעהאַלטן).

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : און ווייסט איר, חברים, וואָס אונדזער כלי-זיין דאַרף זיין אין אונדזער הייליקן קאַמף?

— די שווערד!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : יאָ, די שווערד, אָבער ניט בלויז די שווערד. די וועלכע שלאָגן זיך אונטער מיין פאָן, מוזן געדענקען:

אונדזער וואפן איז דאָס ערשטע — בילדונג, געבעט און געדולד. און יאָ, צולעצט אויך די שווערד.

— דאָס איז אמת!

— די גערעכטיגקייט!

ברודער שטראַל: איצט, ברידער, הערט ווייטער: איר האָט געשוואוירן צו קעמפן מיט אונדזער אייביקן שונא, דער פּוזאַטע וואָרים, וועלכער רופט זיך „פּאָטער"; יאָ, דער פּאָטער פון פינצטער־גיש, דער קעניג פון פאַלשקייט, מערדעריי און ערגסטער געמיינהייט. דער וועלכער שטרעבט פון אַלע יאָרן צו פאַרטונקלען אונדזער ליכט און מיט שווארצקייט פאַרפלעקן אונדזער זון — דעם אמת און פּראָ־שריט. דער וועלכער זוכט צו באַזיגן אונדז און צעשטערן אונדזערע היימען... וועט איר קעמפן מיט אים?

אַלע: יאָ, אונדזער ליבער קאָמאַנדיר! מירן קעמפן!

ברודער שטראַל: ביזן לעצטן טראָפּן בלוט?

פראַנט: (צום אַלטיטשקן) בלוט?! פאַרוואָס!

אַלטיטשקער: אָן קיין בלוט גייט עס ניט...

פראַנט: גלייך ווי בלוט וואָלט געווען וואַסער!

אַלטיטשקער: (אַ שלעפּ דעם לעצטן פאַרן אַרבל) קום, פראַנט, דו גייסט?

פראַנט: יאָ זיידעניו, קומט, קומט... און וואָס שנעלער.

אַלטיטשקער, פראַנט: (רוקן זיך ביידע אַרויס בגנבה, פאַרשווינדן).

מערהייט: (בנוגע דעם קאָמאַנדירס לעצטער פראַזע) יאָ, אונדזער וועגווייזער!

ברודער שטראַל: דאַן קומט אַלע אַצינד אין אונדזער טעמפּל — אין'ם טעמפּל פון קונסט און מוזיק. דאָרט וועלן מיר פריער אויסדריקן אונדזערע ליידן, און זיך אָננעמען מיט מוט צו קאָנען העלדיש אַלצדינג דולדן אין קאַמף מיט אונדזער בלוטיקן שונא. (אָפּ — מיט אַ דראָענדיקן פינגער אָנגעשטעלט אויפן פינצטערניש, וואָס האַלט אין אָנקומען...).

אַלע: (פאָלגן נאָך ברודער שטראַל. נאָך אַ שטילקייט דער־טראָגן זיך פון ווייט אָפּגעריסענע טענער פון שובערטס „אַווע מאַריאַ").

פאָרהאַנג

## צווייטע בילד

(דאָס זעלביקע פעלד. אַלץ איז איינגעהילט אין אַ שוואַרץ פינצטערניש, ווי פאַר אַ שטורעם. עס פאַנגט אָן בליצן, דונערן... פון אַרום דערטראָגן זיך שווערע אָנקומענדיקע טריט און אָפּקלאַנגען פון אַ בלאָז־אָרקעסטער, וועלכער שפּילט די אָווערטיורע „לייכטע קאַוואַלעריע" פון פראַנץ פאָן סופּפּע... עס פאַנגט אָן שטורעמען. ווערט ווילדער און ווילדער. עס רייסט זיך אויף אַ דרייענדיקער וויכער פון שטויב, און פונים שטויב שפּרינגט אַרויס — אומרעכט, רייטנדיק אויף אַ שוואַרץ גלאַנציק פערד מיט אַ פאַרפינצטערטער מאָרדע און ברענענדיקע אויגן).

אומרעכט: (צווייטער קאָמאַנדיר. אַ ריזיגער, צעפּלאָסענער קערפּער. גרייז־גרוי. רייט אַריין מיט קריגערישער חוצפּה... הינטער אים ציען זיך ענדלאָזע חילות מיט בליאַסקענדיקע פּויקן און טראָמפּעטן און באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. מאַרשירן אַריין מיט אַ ברויזנדיקן פירפערטלדיקן טאַקט, לויטן טאַקט פון „לייכטער קאַוואַלעריע". אומרעכט, דורך אַן אויסגעשטרעקטער האַנט פאָרויס) שטיי!

חילות: (בלייבן שטיין אין פאַרמירטע שורות, ווי צוגעשמידט צו דער ערד).

אומרעכט: ביקסן צו די פיס!

חילות: (לאָזן אַרונטער די ביקסן פון די אַקסלען. שטייען ווי אָנגעצויגענע סטרונעס).

אומרעכט: (רייט פאַרביי די פאָדערשטע רייען, מיט מיליטערישער ווירדע, שטעלט זיך אָפּ; פערד הערט אויס, מיינע אונטערטאַנען, מיינע געטרייע, פרייוויליגע דינער! עס רעדט צו אייך דער, וועלכן איר אַליין האָט זיך אויסגעקליבן און געקרוינט צו זיין אייער

הערשער און אייך האלטן צוזאמען אונטערן שוץ פון זיינע פליגל, זענט איר צופרידן צו בלייבן מיט מיר?

חילות: יאָ, דיין מאַיעסטעט!

אומרעכט: (ממזר ש) האָט זיך אפשר עמיצן פון אייך דערעסן צו זיין אין מיין דינסט?

חילות: (שווייגן).

אומרעכט: ווער עס פילט זיך ביי מיר ענג און האָט עפּעס אויסצוזעצן, זאָל אַרויסטרעטן דריי טריט פאָרויס. איין רגע צייט. (אַ כוואַליעדיקע אומרואיגקייט צווישן די רייען. איייניגע טיילן רייסן זיך ניט־וואַגנדיק אַרויסצושפּאַנען; אַ שפּאַן, און צוויי צוריק . . .)

פּראַנט, אַלטיטשקער: טרעטן אויף פון אַ זייט, שטעלן זיך אַוועק מין הצד צווישן אַ קוסטאַרניק, הערן זיך איין).

אומרעכט: (נאָך אַ קורצער פּאַוזע. צו די חילות) אַלע צופרידן צו בלייבן מיט מיר? דאָס פרייט מיך זייער. איצט הערט ווייטער. איך בין זיכער, אַז אייערע עלטסטע האָבן אייך שוין דערקלערט וואָס די פליכט פון יעדן איז און איצט וועל איך אייך מיט אַ פּאָר ווערטער דערקלערן דאָס איבעריקע: דאָס ערשטע, קיינמאָל ניט צו טראַכטן, אָדער דיינקען, דערפאַר וועט יעדער קריגן די שווערסטע שטראָף. און דאָס צווייטע איז — אויגנבליקליך דערפילן מיין יעדער וואָרט, מיט מיין יעדן וואונק. געהערט?

חילות: יאָ, דיין מאַיעסטעט!

אומרעכט: ווייסט איר איצט אייער אויפגאַבע, איר מיינע אייביקע דינער? שטעלט אָן אייערע אויערן און הערט זיך איין, וואָס איך, אייער פאָטער, דער אַלמעכטיקער הערשער פון דער גאָרער וועלט וויל פון אייך אַצינד.

חילות: יאָ, פאָטער! ביזט אונדזער גאָט און דיין וואָרט — אונדזער געבאָט!

אומרעכט: שווערט דערויף!

חילות: (קושן די שווערדן און שפּיזן, — אַלס אויסדרוק פון שבועה).

אַלטיטשקער, פּראַנט: (שטייען באַהאַלטן אין קוסטאַרניק, באַאָבאַכטן יעדער באַוועגונג — מיט אָנגעשטעלטע אויגן).

פּראַנט: (שטיל) נו, אַלטיטשקער?

אַלטיטשקער: (קראַצט זיך, פאַרחקירה׳ט, אין בערדל).

פראַנט: דאָ אויך ניט אַזוי פריילין...

אַלטיטשקער: (וויל ענטפערן, פאַרהוסט זיך) וואַרט אַ קאַפּיטשקע. זיך פריער אויסקאַכיקען. יאָ, דאָ איז דאָס שוין גאָר בתופים ומחולות און מיט שלעסער אויף די מיילער. אָבער לאָמיר שוין הערן וואָס וויל ער דאָ זאָגן — דער „פּאָטער".

אמרעכט: (צו זייניגע) איצט, מיינע קינדער, ווען איר האָט געשוואוירן, קאָן איך אייך פריי דערקלערן דעם הויפּט צוועק פון איצטיקן צוזאַמענקום. הערט!.. (שטייט פאַר אַ רגע, מיט אַן אָנגעשפּיצטן בליק צו דער זייט הימל וואו ס׳האָט אָנגעפאַנגען צוביסלעך זיך אויסלייטערן און די זון הויבט אָן אַרויסצוקומען. אומרעכט קאָרטשעט זיך צונויף, זעצט פאָרן) אָט דאָרט, וואו עס שלאָגט מיט שיין און ליכט, דאָרט איז די הערשאַפט פון אונדזער שונא — די באַנדע בונטאַרן מיט זייער פירערל דאָס אַקטיאָרל מיטן בלאַסן פּנים׳ל און מיידלשן נאַרישן שמייכל. „ברודער שטראַל" — רופט ער זיך... תמיד בויערט ער און עגבערט זיך דורך זיין וועג צו מיר דורך פאַרשידענע קונצן. שטעכט מיך דורך מיט די בליקן, ווי מיט שפּיזן. רייסט שטיקער פון מיין לייב. לאָזט ניט רוען. שטענדיק איז ער מיר אין וועג. פלאָנטערט זיך פאַר די פיס און איך קאָן ניט טאָן מיין אַרבעט פריי. וויפל מאָל איך פאַרטרייב אים — עס העלפט ניט. וויפל מאָל איך האָב אים שוין ממש פאַרניכטעט און ער לעבט אַלץ אויף ווידער און ווידער — ווי אַ גלגול! כ׳קאָן אים ניט פּטור ווערן. אָט ווי פון אונטער דר׳ערד וואַקסט ער פּלוצים אויס און פאַרשאַפט מיר עגמת נפש. און אַזוי לאַנג ווי ער לעבט קאָן איך ניט זיין פאָלקאָם. דערפאַר האָב איך אייך מיינע קינדער איצט ווידער אַהער צוזאַמענגערופן, שוין צופיל רוקט ער זיך צו מיר אין די גרענעצן אַריין, — כ׳מיין, צו אונדז... אָבער איצט מוז דאָס נעמען אַ סוף. איינמאָל פאַר אַלע מאָל. מיר מוזן אים אַרונטערווישן פון עקזיסטענץ. מיר מוזן! און אָט באַלד וועט דאָס מוזן געשען! איך שפּיר שוין ווי ער קומט אָן. איר זעט די ווייסע פלעקן, אָט דאָס זענען סימנים פון זיין אָנקומען. איצט וועט איר איבערצייגן דאָס ממשות׳דיקייט פון אייער שבועה. איצט וויל איך זען ווי געטריי און איבערגעגעבן איר זענט

צו אייער פּאַטער, דעם קיניג פון שאָטן און רו. געדענקט, איר האָט געשוואוירן. וועט איר האַלטן אייער שבועה?

חילות: יאָ, אונדזער קאָמאַנדיר! דו ביזט אונדזער פּאַטער און האַר פון אייביק אָן און אויף אייביק וועסטו זיין אונדזער האַר און פּאַטער!

אומרעכט: דאַן שנעל מאַכט זיך גרייט צום קאַמף. שאַרפט אייערע שווערדן וואָס שאַרפער. לעבן אָדער טויט — מיר מוזן זיגן! קיין געבעט, קיין געוויין זאָל אייך ניט אָפּהאַלטן. ווי פליגן זאָלט איר זיי אויסדרושען — די בונטאַרן! קיין סימן זאָל פון זיי ניט בלייבן. אונדזער הערשאַפט אונדזער פאַן זאָל פלאַטערן איבעראַל און ווי אַ ים זיך אויף אַלצדינג צוגיסן — אויב מיר ווילן זיין זיכער פון אונטערגאַנג. איינער דעם צווייטן זאָלט איר אויסשיסן און זיך ניט אונטערגיבן. מיר אָדער זיי — אָט דאָס איז די אויפגאַבע! האָט איר אַלע געהערט?!

חילות: יאָ, אונדזער פּאַטער! אַלע געהערט!

אומרעכט: דאַן צו די וואָפן! שנעל!

חילות: (וואַרפן זיך צום געווער. שאַרפן שווערדן, רייניקן די ביקסן).

אומרעכט: (זיצט, ווי צוגעוואַקסן צום זאָטל, אויפן אומרואיקן פערד; די לייצעס פעסט אין די הענט. האַלט אַ שאַרף אויג אויף דער אַרבעט פון די חילות).

פּראַנט: (צום יאַדעשליוון זקן) נו, אַלטיטשקער, געהערט? דאָ אויך דאָס אייגענע. „זיך אויסשיסן איינער דעם צווייטן”...

אַלטיטשקער: יאָ, ניטאָ וואו זיך צו באַהאַלטן. ניטאָ קיין עיר מקלט וואו אויסצולעבן רואיק די פאַרבליבענע פאַר יאָר, וואָס איך האָב נאָך צו לעבן... ניטאָ, ניטאָ...

פּראַנט: „די פאַרבליבענע פאַר יאָר”... (ביטערליך) וואָס זאָל איך שוין זאָגן, זיידעניו; איך, וואָס איך גיי ערשט צום לעבן?.. (רייסט זיך אָפּ, ווערט מיטאַמאָל איינטשוויגן).

אַלטיטשקער: נו, שטשאָנעל; בלייבסט דאָ? איך גיי.

פּראַנט: (מיטן קאָפּ אין די הענט) וואוהין, זיידע?

אַלטיטשקער: וואוהין?.. אין די וועלדער... צו די חיות... ווייט פון מענטשן...

פ ר אַ נ ט : ווייט פון מענטשן?.. (דורך אַן אויפגעבליצטער טרער אין אויג) ווייט פון מענטשן... (פּאַוזע).

אַ ל ט י ט ש ק ע ר : נו, שטשאָגעל?

פ ר אַ נ ט : (אַרונטער־רייסנדיק די הוט פון קאָפּ) גערעכט, אַל־טיטשקער, גערעכט. ווייט אַוועק פון מענטשן... ערגער קאָן שוין ניט זיין... איך גיי אויך מיט דיר, זיידעניו... איך גיי אויך מיט דיר — איידער איך וועל צעריבן פון די רעדער פון קריג. (אָפּ מיטן זקן, די הוט צוזאַמענגעדריקט אין דער האַנט. — פון ווייט דערהערט זיך דאָס שפּילן פון געבעט־מוזיק).

א ו מ ר ע כ ט : (שפּיצט אָן דעם אויער, הערט זיך איין מיט אַ נערוויייאישן אויסדרוק; גאַלאָפּירט אַוועק — מיט אַן אָנגעשטעלטן קולאַק אויף דער אַרויסקומענדיקער זון).

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריטע בילד

(ערגעץ וואו אין אַ געדיכטן וואַלד).

ב ר ו ד ע ר  ש ט ר אַ ל: (פֿאָרט אַריין, פֿון רעכטס, רייטנדיק אויף אַ ווייס פערד שוואַרץ־געפלעקט. באַלד נאָכן ערשטן קאָמאַנדיר־טרעטן אויף זיינע נאָכפאָלגער — אַן ענדלאָזע גרויסע, באַוואָפנטע מחנה. — ברודער שטראַל זיך אָפשטעלנדיק). הערט איר, חברים, דעם קלאַנג פון שווערדן?

— יאָ, מיר הערן!

— מיר הערן!

ב ר ו ד ע ר  ש ט ר אַ ל: דאָס גרייטן זיך דאָרט די פינצטערע ווערים צו פאַרניכטן אונדז.

נ אָ כ פ אָ ל ג ע ר: דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען!

ב ר ו ד ע ר  ש ט ר אַ ל: אָבער צוערשט וועלן מיר זיי אויפנעמען מיט געבעט, ליב און געזאַנג.

א ו מ ר ע כ ט: (ציַיגט זיך אָן אַ זייט, לינקס, אויף אַ שוואַרץ פערד ווייס־געפלעקט. פאַר זיך) אָט ווי נאָענט ער איז שוין! (אָפ. באַלד הערט זיך פון ניט וויַיט זיַין באַפעלערשע שטימע) צום געווער און פאָרויס! (אַן ערב־שטורעמדיקע שטילקייט. פאַוזע. אומרעכט טרעט אויף מיט זיינע חילות, פון לינקס. ביידע קאָמאַנדירן קומען זיך צונויפ־מען, שטעלן זיך אָפ, מיט די פערד איינער קעגן צווייטן. אומרעכט, אַפאַרט). פאָרט שוין אויך אויף אַ פערד, כאַ־כאַ־כאַ... (שטייען פאַר אַ רגע איינער קעגן צווייטן מיט אָנגעצויגענע בליקן, שוויַיגן).

ב ר ו ד ע ר  ש ט ר אַ ל: האָסט שוין אויסגעביטן דיין שווארצן פערדאַטש אויף אַ ראַבער קאָניאַקע?

א ו מ ר ע כ ט: דאָס איז מיין זאַך. ניט צוליב דעם בין איך אהער געקומען מיט מיינע אַרמייען. וואָס איך וויל וויסן איז — וואָס איז דאָס לעצטע וואָרט וואָס דו האָסט מיר צו זאָגן. זאָג דאָס שוין אַרויס. ווילסטו מיט מיר שליסן פרידן, אָדער ווילסטו זיך שלאָגן און ווערן פאַרניכטעט?

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: ניין, אומרעכט —

א ו מ ר ע כ ט: שטיל! מיין נאָמען איז, פאָטער!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: (אָנגייענדיק) כאָטש איך האָב פאַר דיר ניט קיין מורא, ווייל מיינע בראַווע נאָכפאָלגער וועלן דיך אויף שטויב צערייבן, נאָר פונדעסטוועגן וויל איך דאָך מיט דיר רעדן וועגן פרידן.

א ו מ ר ע כ ט: זייער גוט; זייער גוט, אָבער פריער מוזט איר זיך אַלע אונטערגעבן צו אונדז פאַר קנעכט.

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: ניין, אומרעכט —

א ו מ ר ע כ ט: פאָטער איז מיין נאָמען, האָב איך געזאָגט!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: (ווי פריער) פאַר קיין קנעכט וועלן מיר זיך קיינמאָל ניט אונטערגעבן און שלאָגן זיך בין איך אויך ניט איבעריק גערן — אויב מיר קאָנען דאָס נאָר אויסמיידן. פאַרקערט, איך וויל דו זאָלסט איבערגיין מיט גוטן צו אונדז — אין׳ם קיניגרייך פון ליכט און שטראַלן.

א ו מ ר ע כ ט: (פּלאַצט אויס אַ ווילדן געלעכטער) איז דאָס אַלץ וואָס דו ווילסט! זאָג, איך מוז דאָס שוין וויסן.

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: אומרעכט —

א ו מ ר ע כ ט: פאָטער! פאָטער איז מיין נאָמען!

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: נו גוט, (דורך געצוימטן געלעכטער) ליבער פאָטער!.. קאָנסט מיך שוין ניט פון נעכטן, אמת? שוין ניט איינמאָל מיך פּרובירט פאַרטיליגן, ניין? טאַ צו וואָס פאַרשווענדן צייט און בלוט פאַר אומזיסט...

א ו מ ר ע כ ט: שטילער! (רוקט זיך אָפּ וואָס ווייטער פון ם חיל). קום, אהער...

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל: (צוטרעטנדיק) איך פאַרזיכער דיר, אז כאָטש דו האָסט אָנגעדרודלט דיינע אַרמייען צו קריג ווי געהעריג און

זיי וועלן אָן צווייפל לייגן זייערע קעפּ, אָבער דו וועסט אונדז קיינמאָל ניט באַזיגן און דיין גאַנצער קאַמף איז אַן אומזיסטיקער. טאָ צו וואָס פאַרגיסן בלוט אומזיסט? וואָלט דען ניט בעסער געווען צו שליסן שלום און זיך אַלע פאַראייניקן אין אַ משפּחה פון חברים און פריינט?

אומרעכט: כ'האָב דאָס שוין געהערט. איז דאָס אַלץ וואָס דו האָסט מיר צו זאָגן?

ברודער שטראַל: אומרעכט, — אַך, ענטשולדיק... ליבער פאָטער; גנעדיקער פאָטער!.. איך וועל דיך רופן מיט וועלכן נאָמען דו ווילסט אַליין, אָבער איך בעט דיך, ווי אַן אמת'ן פאָטער — פאָלג מיך...

אומרעכט: כאַ־כאַ־כאַ!.. ניין, גענוג גערעדט. אויב אַזוי, דאַן וועלן מיר זיך מעסטן מיט די כוחות! צום קאַמף!

ברודער שטראַל: וואַרט, אומרעכט, וואַרט! קאָנסט נאָך ציען צוריק דיין וואָרט —

אומרעכט: ניט אויף בלוט פאַרגיסן. דערויף בין איך תמיד גרייט. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס שטילט מיין טעמפּער. איך לאַך פון דיר, דו פאַרגרימירטער אַקטיאָר, מיט דיין גאַנצער באַנדע בונטאַרן!

ברודער שטראַל: נו גוט! אויב גוטע רייד האָבן ניט קיין באַטרעף, דאַן זאָל רעדן דאָס געווער! (צו זייניגע) צום קאַמף! (שווערדן־קלאַנג און קוילן־קנאַל פאַרהילכן די לופט. ביידע קאָמאַנדירן פאַרטראָגן זיך איינער אויפן צווייטן מיט די סאַבליעס, דועלירן).

אַלטיטשקער, פּראַנט: (ביידע ווילד פאַרוואַקסן און פאַרחושדיט, שטעקן אַרויס די קעפּ פון אַ הייל, פאַרשטעלט צווישן געדיכטע קוסטעס).

פּראַנט: (צום זקן) וואָס?! זע נאָר, זיידעניו, זע! אַהער אויך געטראָפן!

אַלטיטשקער: כע־כע־כע... —

אמרעכט: (אַרונטער־פאַלנדיק פון זיין פערד) העלפט!.. העלפט אייער פאָטער!..

— (איינער פון די חילות, פייערט אָפּ אַ קויל אויפן ערשטן קאָמאַנדיר).

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : אך, מיין ברוסט!... (קוליעט זיך אַרונ־טער פון זאָטל, ציט זיך אויס אויף דער ערד) איך שטאַרב... איך...

א ו מ ר ע כ ט : (קאַראַטשקעוועט זיך צו צום לעצטן, שלעפט פון אים אַרונטער זיין מאַנטל. — די גאַנצע אַרענע ווערט איינגעהילט אין פינצטערניש, בליצן, דונערן, קנוילן רויך און פלאַמען... הילכיגע קולות און געשרייען פון אַלע זייטן... די סומאַטאָכע און געשלעג שטייגט ווילדער און ווילדער... דער זקן, אַרום זיין הייל, לאָזט אַרויס אַ פאַרשטיקטן ווײ-געשריי, — פון אַ געטראָפענער קויל, — פאַלט טויט. פּראַנט שפּרינגט אויף, ווי וואַנזיניג, לויפט גלייך אין פייער אַריין. כאַפּט אונטער די ערשטע ביקס, פון אַ געפאַלענעם, וואָס קומט אים צו דער האַנט, מישט זיך אוים מיט די קעמפער פון ברודער שטראַליס וואָכפאָלגער...)

א ו מ ר ע כ ט : (פרייעט זיך אין מלבוש פון'ם ערשטן קאָ-מאַנדיר; זיגרייך) ענדליך האָב איך מיינס דערגרייכט! דעם שונא פאַרניכטעט און איצט אונטערן מאַנטל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ליכט און פאָרשריט, וועל איך איבעראַל קאָנען אויפטרעטן און באַ-זיגן די גאַנצע וועלט — כאַ, כאַ, כאַ!.. (זעצט זיך אויף אויף זיין ווייס געפלעקטן פערד, אָפּ).

ב ר ו ד ע ר ש ט ר א ל : (ליגט צווויפגעדרייט; קוים צו הערן) זון, אָ, זון!... גיי אויף צוריק!.. גיי אויף צוריק!.. (קרעכצט, זיפצט... דער קאַמף צעפלאַקערט זיך — ברויזיקער און ברויזיקער...)

פ אָ ר ה אַ נ ג

# עפּילאָג

(די זעלביקע נאַכט, דער זעלביקער וואַלד. ווייט קנאַלן קאַנאָ-נען, פלאַמען פלאַקערן און אַלץ איז איינגעהילט אין רויך און נעפּל).

ברודער שטראָל: (ליגט, דאָרט וואו ער איז געפאַלן. שטריינגט זיך אָן אויפצוהויבן. זעצט זיך אַנידער איינגעקאָרטשעט, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן די הענט. שניידט זיך איין מיט די אויגן אין דער ווייטקייט און מיט די אויערן אָנגעשטעלט צום אַרומיגן. נאָך אַ שווייגן) קיין סימן פון טאָג. נאָך אַלץ דער זעלביקער אומגליק, די זעלביקע מהומה... אַך, פינצטערניש, פינצטערניש!.. ווען וועט זיך דאָס ענדיקן!.. — (איינער פון זיינע נאָכפאָלגער לויפט פאַרביי, שטעלט זיך אָפּ, טרעט צו, בויגט זיך אַרונטער, קוקט זיך איין) ברודער שטראָל?!

ברודער שטראָל: יאָ, כ'בין פאַרוואונדעט, מיין ליבער חבר. וואָס הערט זיך דאָרט?

— (דורך ווילדער פרייד) מיר זיגן, ברודער שטראָל! מיר זיגן!

ברודער שטראָל: איבער וועמען? איבער די חילות? יאָ, איך האָב אין אייך גלויבן און איך בין זיכער אַז מירן באַזיגן די חילות. אָבער לויף שנעל, ברודער, און זאָג אָן דער וועלט, אַז אומ־רעכט האָט אַרונטערגעריסן פון מיר מיין מאַנטל, זיך פאַרשטעלט פאַר אַ הייליקן און איז אַוועק פרעדיגן פאָרשריט — אַ פאָרשריט, וואָס פירט צו שקלאַפעריי און אונטערדריקונג. לויף שנעל, ברודער. זאָג אָן דער וועלט די סכנה. זאָל דאָס די וועלט וויסן און זיך ניט לאָזן אויפסניי פאַרפירן פון'ם פאָטער פון פינצטערניש, וועמעס נאָמען איז — אומרעכט!..

## פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| מעי — — — — — — — — — — — — — — — | 30 יאָר אַלט. |
| מר. גילים (איר מאַן) — — — — — — — — — — — — | 28 " " |
| ניוניא (מעייס קאָזין, אַ סטודענט, ניט לאַנג פון רוסלאַנד) — — — — — — — — — — — — | 25 " " |
| זאכארי (נאניאַיס אַ פריינט) — — — — — — — — — | 35 " " |
| בארבא } (מיידלעך; מעי׳ס פריינדינעס) | 20 " " |
| דאָרים } (מיידלעך; מעי׳ס פריינדינעס) | 21 " " |
| מר. עדוויק } (שכנים) | 34 " " |
| מר. שרייבמאַן } (שכנים) | 32 " " |

מענער, פרויען, קינדער (געסט)

(אַ קליין מוזיק־צימערל. קיינע פענצטער צו זען. די פּאָדלאָגע געשפּרייט מיט קאַרפּעט. לינקס — אַ סאָפע, אַ פּיאַנע, מיט אַ פּיאַנע־שטול. רעכטס, אַ וויקטראָלע, דערנעבן אַ שטייען־דיקער לאָמפּ, מיט אַ גרויסן קאָלירטן אַבאַזשור. אַרום לאָמפּ אויפן קאַרפּעט, ליגן אַ פּאָר קיש'עלעך. פון מוזיק־צימער פירט אַן אַריינגאַנג אין זאַל אַריין. דער אַריינגאַנג איז פאַרהאַנגען מיט פלושינע פּאָרטירן. איין זייט איז אָפן און עס איז צו זען אין זאַל —).

מענער, פרויען, קינדער: (פון פאַרשידענע יאָרן, זיצן געדעכט איינס אין צווייטן אַרום אַ גרויסן טיש; פּאַר איינ־יגע קלעקן ניט קיין שטולן, אָדער זיי זיצן צוזאַמענגעשפּאַרט אויף אַ שטיקל שטול לעבן אַ צווייטן, אָדער זיי שטייען. איינ־יגע דרייען זיך אַרום אַהער, אַהין, ווער עס עסט, ווער עס טרינקט, — סיי די וואָס זיצן אַרום טיש און סיי די וואָס דרייען זיך אַרום. איינ־יגע שמועסן און אַנדערע האַלטן אָנגעשפּיצט אַן אויער. דער־יענער דרימלט, אָדער לאַכט און לויפט אַרום פון איינעם צום צווייטן).

מר. גילים, באַרבאַ, דאָרים: (זיצן אויבנאָן, רעדן, שטיפן).

מר. שרייבמאַן: (אין האַנט אַ פּאַפּיר, אַ בליי־שטיפט, גייט אַרום פון דעם צו יענעם, שושקעט זיך דורך, פאַרצייכנט).

ניוניאַ, מעי: (זיצן ביידע אין מוזיק־צימערל, אויף די קי־שעלעך וואָס אויפן קאַרפּעט, הערן זיך איין צו אַ רעקאָרד אויף דער וויקטראָלע. עס שפּילט — „דער טאַנץ פון די טייוואָלים").

מעי: (איז פאַרחלומט, הערט זיך איין מיט פאַרמאַכטע אויגן).

ניוניאַ: (רויכערט אַ פּאַפּיראָסל, קוקט אויף דער לעצטער מיט אַ איראָניש שמייכעלע).

מר. שרייבמאַן: (אין זאַל, הערט אויף צו פאַרצייכענען;

צו די אַרומיגע) פריינדע! אָרדער, פּליז! (עס טומלט זיך) איך בעט צו פאַרהאַלטן זיך רואיק. (טומל) איך פאַרזיכער אייך אַז איר וועט זיך אַלע ענדזשויען. איך האָב דאָ פאַר אייך אַ הונדערט פּראָצענטיקן ענדזשוימענט. איר וועט אַזוי לאַכן, ווי איר האָט נאָך נעוועד אין אייער לעבן אַזוי געלאַכט און צו דער זעלבער צייט וועט איר אויס-הערן מיינונגען פון פּריינט וועגן אַ פּריינט, וועלכן איר קאָנט אַלע גוט. און ווער עס קאָן אים ניט, האָב איך די ערע אים אייך דאָ פאָר-צושטעלן. דאָס איז אונדזער אַ שכן, מיסטער עדוויק.

— הו? הו?

— רעדוויק?

— לעדוויק?

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן : ניין, ניט רעדוויק און ניט לעדוויק, נאָר מיסטער עדוויק. האָט איר איצט אַלע געהערט? איצט הערט וואָס פאַר אַ פאַרשוין דער עדוויק איז.

אַ מ י י ד ע ל ע : וואָס גייט עס דאָ זיין?

אַ י ו נ ג ע ר מ אַ ן : (דערקלערנדיק) דאָס איז אַ שפּיל אַזאַ. פאַרשטייסט, מע נעמט צונויף מיינונגען שטילערהייט און נאָכדעם שרייט מען זיי אויס אין דער הויך פאַר אַלעמען.

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן : אַלזאָ, פריינדע, פּליז, לאָז זיין שטיל. (וואַרט אָפּ אַ רגע).

—לייענט שוין, נו!

— אַז מע' טומלט אַזוי.

— הויבט אָן צו לייענען, וועט ווערן שטיל.

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן : (קוקט אַריין אין זיין פאַרצייכענונגס-פּאַפּיר, שווייגט).

ע ו ל ם : (האַלט אויף אים אָנגעשטעלט מויל און אויערן).

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן : (פון פּאַפּיר אַרויס, באַטאָנענדיק) „ער האָט אַ גוטן טייסט אויף לעבעדיקער סחורה".

אַ מ י י ד ל : אויף לעבעדיקער סחורה! — (צעלאַכט זיך, שטעלט אָן די אויגן אויף עדוויקין).

-- (צו אַ צווייטן, שטיל) ער איז אַ סוחר אויף לעבעדיקער סחורה? (קורצער טומל).

מר. שרייבמאַן: (פון פּאַפּיר אַרויס) איינער האָט געזאָגט — „ער איז תּמיד פּיינעלשל עמבערעסט".

אַ אידענע: וואָס מיינט עס?

— דאָס מיינט, ער איז נעבעך אויף געהאַקטענע צרות.

מר. שרייבמאַן: "אַן אמת'ער פריינט". — „אַ שונא פון צוקער".

— וואָס איז דאָס פאַר אַ משל?

מר. שרייבמאַן: שלאָגט־זשע ניט איבער. (לייענט) „קאָן נעבעך ניט מאַכן קיין צייט" — (אַ שו־שו־שו) „אַז ער טוט אָן די דוירבי, קוקט ער אויס ווי... (זיך שטיקנדיק) ווי אַ וועקידאַילע" (אַן אָנגעשטעלטער אין אַ זנות־הויז, אַרויסצוואַרפן אונגעוואונשענע געסט) — (געלעכטער).

ניוניאַ: (אין מוזיק־צימער) מעי!

מעי: אַ?

ניוניאַ: לאָמיר אַריינגיין הערן דאָרט די מיינונגען. דער עולם לאַכט, מוז דאָך זיין פון וואָס.

מעי: נו גוט, אויב איר ווילט, גייט אַריין אַהין. איך וויל דאָ הערן די מוזיק.

ניוניאַ: (אָפּ אין זאַל).

מעי: (נעמט אָן די ערשטע פּאָזע).

מר. שרייבמאַן: (זעצט פאָר) „מאַכט אַן אויסגעצייכנטן פרענטש־פּייפּינג".

מר. עדוויק: דעט'ס דהי בוי. (לאַכט).

מר. שרייבמאַן: „פון זיין לאַכן מוז ער שוין האָבן סימנים אויף די קניעס".

— סימנים אויף די קניעס פון לאַכן? וואָס אַ מענטש קאָן דיך אויסטראַכטן!

מר. שרייבמאַן: „אַ גוטער מעקעניק".

— אויף וואָס?

מר. שרייבמאַן: און ווידער האָט דאָ עמיצער אַריינגעזאָגט: „וואָס עס פעלט אים, איז צו מאַכן אַ לעבן".

מר. עדוויק: (ווערט רויט, נאָר לאַכט־מיט מיט די איבעריקע).

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: „האָט שיינע ציין". — „זייער שיינע ציין".

— אנו, זאָל ער דאָרט עפענען דאָס מויל!

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: „אָ בוי, יו׳ר ע קאָרקער!" —איצט, מיסטער עדוויק, דערקלערט זיך אייך עמיצער פשוט אין ליבע: „איך בין פאַרליבט אין אים".

— אָ, בוי!

מ ר. ע ד וו י ק: שוין?

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: וואַרט, ברודערקע, די באָמבעס קומען ערשט. וועסט נאָך ביי מיר ווערן רויט און גרין און געל. — „געבוירן געוואָרן א לאַכענדיקער". „אַ מענדל אָן יסורים".

אַ א י נ ג ע ל ע: אַ מענדל הו?

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: (אָנגייענדיק) „הי וואוד מייק ע וואָנדערפול פעללאָי, באָט..."

אַ מ י י ד ל: (צו אַ צווייטער, שטיל) באָט וועט ער קען מאַכן אַ לעבן...

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: „ליכטיק ווי דער טאָג און פינצטער ווי די נאַכט." — — „לייט מאַגנעט". (קוקט זיך פריער גוט איין אין פאַפיר, פלאַצט אויס אין אַ קייכנדיקן געלעכטער).

— נו, נו!

— אנעק, לאָמיר שוין הערן!

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: (דורך געלעכטער) „אַ קנאַקער אָן אַ נון"

— (ווער עס כאַפּט זיך אַזש פאַרן בויך לאַכנדיק, און ווער עס פאַרשטייט ניט די באַדייטונג, שטעלט אָן אויסגעגלאָצטע אויגן; געוודער).

מ ר. ע ד וו י ק: (באַקומט כלערליי קאָלירן, נאָר קאָנטראָלירט זיך) קען אַ ביט איט!.. זאָל גיין דער וואָס האָט דאָס געזאָגט!

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: וואַרט, ברודערקע, וואַרט, ס׳נאָך ניט אַלעס. איך האָב געזאָגט עס קומען באָמבעס — איז באָמבעס; הונדערט פּראָצענטיקע באָמבעס. — נו, זיך שוין אַלע אויסגעלאַכט? (פון דאָ, פון דאָרט שיסן אַרויס געלעכטערס אויפסניי... מר. שרייבמאַן וואַרט אָפּ ביז עס ווערט שטיל, זעצט פאָר) „גלייכט צו טרייען אַ דזשאָב", — „אַ גרויסער פאַרדינער". — „לייקס טו לעף". — „לאָז ער טשענזשען דעם שרינט". — „אַ מאַן מיט אַ קוטעס". — „פעט". (זיך שטיקנדיק) „אַ ק אָ ל ב אַ ס נ י ק —" (שטורמישער געלעכטער).

מר. עדוויק: (הויבט זיך האַסטיק אויף) פּאַר גאָד סייק, ווער שיסט דאָס דאָרט אַזוי אויף מיר! — איר האָט נאָך אַסך?!

מר. שרייבמאַן: שוין, שוין, דערמיט פּאַסירט. נו, וואָס זאָגט איר?

מר. עדוויק: (איז אויפגערעגט, נאָר שמייכלט) אָך, וואָס מ'האָט דאָרט ניט אָנגעקלאַפּט... ווער קען דאָס אַלעס געדענקען... (טראַכט).

מר. שרייבמאַן: קאַם אָן, קאַם אָן, מיסטער עדוויק, מאַכט עס בקיצור, נישטאָ קיין צייט, איר זענט ניט דער איינציקער. וואָס זאָגט איר?

מר. עדוויק: זאָל גיין...

עולם: (קוקט אויף אים מיט אָנגעצויגענע בליקן, אָנגעפילט מיט אַ שמייכל און ציטער).

ניוניאַ: (לאָזט זיך אַריינגיין בכיוון אין מוזיק־צימער).

מר. עדוויק: (מיט אַמאָל) זאָל גיין דער „קאָלבאַסניק"! (געלעכטער).

ניוניאַ: (בלייבט שטיין — פּאַרצאַפּלט).

מר. שרייבמאַן: (הנאהדיק) איצט, פריינדע, האָט איר די ערע צו געבן אייערע הויכגעשעצט פריינטליכע מיינונגען, — מיינונגען געמישט מיט זאַלץ און פעפער, אָפּקאָז — וועגן אונדזער באַליבטן אינטעליגענטן פּערזאָן און רוסישן סטודענט — ניוניאַ בערגלבוים!

עולם: הורייי!..

ניוניאַ: (צו מר. שרייבמאַן, שטיל) איך בין אויף אייך ברוגז. איך האָב אייך געבעטן אַז איר זאָלט אָנהויבן צו לייענען די מיינונגען פון אונטן אַרויף, בכדי איך זאָל זיין דער ערשטער, ניט דער לעצטער; וואָרום האָט איר דאָס ניט געטאָן?

מר. שרייבמאַן: וואָס פאַר אַ חילוק?

ניוניאַ: ווייל די ערשטע מיינונגען ווערן צום סוף פאַרגעסן.

מר. שרייבמאַן: אַ, „אונטן־שמונטן", עפּעס אַ תוך? אַבי צו האָבן אַביסל פאָן, דאָס אַלעס.

ניוניאַ: נו, יאָ, האָבן פאָן איבער יענעם, איז אָלרייט; אָבער צו ווערן אַליין געצימבלט איז שוין ניט אַזוי אָלרייט.

מר. שרייבמאן: (צעלאַכט זיך, דרייט זיך ווידער אַרום אי־בער דער זאַל, מיטן בליישטיפט און פּאַפּיר אין דער האַנט. — צו אַ מיידל) וואָס האָט איר צו זאָגן וועגן מר. בערגלבוים?

מיידל: מר. בערגלבוים? וואָס זאָל איך זאָגן? (שווייגט, טראַכט)

מר. שרייבמאַן: אַלזאָ?

מיידל: עס וועט קיינער ניט וויסן?

מר. שרייבמאַן: חלילה.

מיידל: שרייבט... נאָר טאָמער טרעפט ער אַז איך האָב דאָס געזאָגט? ניין, מע׳ דאַרף ניט, שרייבט... שרייבט, „אַן אינטע־ליגענטער בוי, און שוין", דערפאַר וועט ער זיכער ניט זיין ברוגז. (צעלאַכט זיך, אָפּ אָן אַ זייט).

מר. שרייבמאַן: (פאַרצייכנט: שושקעט זיך מיט דעם, מיט יענעם).

ניוניאַ: (טרעט אַריין צוריק אין מוזיק־צימער, זעצט זיך אַוועק אויף זיין פריערדיק פּלאַץ, קוקט אויף מעייען).

מעי: (זיצט די גאַנצע צייט אין אַ פּאָזע — גלייך ווי עס וואָלט אַרום איר קיין זאַך ניט עקזיסטירט).

ניוניאַ: מעי!

מעי: (ווי פון אַ טיפן שלאָף) אַ?

ניוניאַ: איר פאַנטאַזירט?

מעי: (מיט דער האַנט אויף די אויגן) יאָ, ניוניאַ, איך האָב געפאַנטאַזירט... אַך וויפל בילדער...

ניוניאַ: מעג איך פרעגן, פון וואָס איר האָט געפאַנטאַזירט?

מעי: פון וואָס? פון — פון׳ם „טאַנץ פון די טייוואָלים".

ניוניאַ: כאַ־כאַ־כאַ... האָט איר שוין דען ווען געזען טיי־וואָלים איר זאָלט קאָנען פון זיי פאַנטאַזירן?

מעי: אַ? יאָ, ניוניאַ, געזען. אסך טייוואָלים געזען.

ניוניאַ: (עטוואָס סאַרקאַסטיש) צום ביישפּיל?

מעי: (אַ מידן בליק, אין זאַל אַריין, פאַרשטעלט) אַ, ווער קאָן זיי דאָרט אויסרעכענען. (נאָך אַ קורץ שווייגן) וואו איז דאָס עפּעס זאַכארי וואָס מע׳ זעט אים ניט?

ניוניאַ: איר בענקט נאָך אים?

מעי: (פאַרוואונדערט) אפשר.

נ י ו נ י א : און איך, ווען איך זע אים ניט קיין יאָר, מיין איך אַז ס'איז אַ טאָג.

מ ע י : אַזוי גאָר? וואָרום? און איך ווייס אַז ער האַלט פון אייך אַ וועלט; איז מיט דער בעסטער מיינונג וועגן אייך. האַלט אייך פאַר זיין איינציקן פריינט.

נ י ו נ י א : אַ, אַזעלכע ווי ער קאָנען גאָר דאַכט זיך, ניט האָבן קיין פריינט.

מ ע י : סיידן אפשר דערפאַר ווייל זאַכאַרי איז ניט קיין פאַלשער און ווייל ער אַליין טראָגט ניט קיין מאַסקע און רייסט די מאַסקע פון אַ צווייטן אויך אַרונטער?

נ י ו נ י א : אַ, וועד דאַרף דאָס גאָר אַזעלכע אמת-זאָגערס! און וועד דאַרף דאָס דעם אמת בכלל? ניין, מעי, ניט אויף אמת שטייט די וועלט. די וועלט שטייט אויף פאַלשקייט און שטעלט זי אַוועק אויף אמת — וועט זי קיין טאָג ניט אויסשטיין.

מ ע י : אויב אַזוי איז דאָך טאַקע ווידער זאַכאַרי גערעכט, וואָס ער האַסט אונדז.

נ י ו נ י א : אַ, אַ טויטער סאָבדזשעקט. דאָס איז אַן ענין פון וועלכן אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן גערעדט. לאָמיר בעסער איבערלאָזן דעם אמת מיטן פאַלשקייט פאַר די מאָראַל־פּרעדיקער און בעסער רעדן פון לעבעדיקערע זאַכן.

מ ע י : פון וואָס, למשל?

נ י ו נ י א : מעי... איר האָט אַמאָל געזאָגט אַז... אַז איר האָט מיך ליב, ניין? (לאָזט אַרונטער, צוריקגעהאַלטן, די פאַרהאַנגענע זייט פון דער פאָרטיר).

מ ע י : (דעם קאָפּ אין די הענט) אַזוי האָט, דאַכט זיך, דער זיידע אויך אַמאָל געפרעגט די באָבע.

נ י ו נ י א : און וואָס האָט די באָבע געענטפערט?

מ ע י : אַ, וואָס זי האָט געענטפערט... (דורך אַ ברייטן שמייכל) איר זענט דאָך אָבער ניט דער זיידע. דער זיידע האָט ניט געזאָגט אַז די וועלט שטייט אויף פאַלשקייט, דערפאַר האָט די באַבע פאַרשטאַנען, אַז וואָס דער זיידע זאָגט — מיינט ער דאָס.

נ י ו נ י א : ווייל אַמאָל, מעי, זענען מענטשן געווען נאַריש. האָבן זיי זיך גענויטיקט אין אמת. היינט אָבער, ווען מיר זאָלן אויך

אזוי לעבן ווי זיי, מיט וואָס וואָלטן מיר געקאָנט ארויסצייגן אונדזער פאַרשריט? ניין, מעי, מיר זענען איצט מענטשן פון צוואַנציקסטן יאָר-הונדערט. מיר האָבן זיך אונדזער אייגענעם מוסטער און סיסטעם ווי אזוי צו לעבן.

מ ע י : אויף צו זאָגן ליגנס?

ג י ו נ י אַ : יאָ, מעי, זאָגן ליגנס. ווייל אזוי ווי עס איז ניט פאַראַן קיין ליגן אָן אַ טראָפּן אמת, איז דער קונץ פון דעם איצטיקן מענטשן צו קאָנען זיך אָריענטירן און אָנטאַפּן דעם טראָפּן אמת און אויך אויף אַזאַ אופן האַנדלען. און דערפאַר זענען אַזעלכע זאַכאַרים — אָדער זיי גייען אינגאַנצן אונטער, אָדער זיי פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס ווי די שאָטנס; האַסן זיך און האַסן יענעם; און וואָס נאָכמער — וואָס מער זיי האָבן פיינט, אַלץ מער דענקען זיי אַז דערמיט באַזיגן זיי די וועלט.

מ ע י : און איך גראַדע ליב זאַכאַרי'ן פאַר זיין אמת אַליין.

ג י ו נ י אַ : און זיינע משוגעת'ן?

מ ע י : משוגעת'ן? וועמען פעלט עס דען אויס? (שטייט אויף, דרייט זיך אַרום, כאַפּט אַ בליק אין זאַל אַריין, באַמערקט ווי — )

מ ר. ג י ל י ם : (לאַכט האַרציק, שטיפט מיט באַרבאַ'ן, לאָזט זיך זי קושן).

ב אַ ר ב אַ : (דרייט זיך אויס, אַנטלויפט).

מ ר. ג י ל י ם : (לויפט איר נאָך).

ב אַ ר ב אַ, מ ר. ג י ל י ם : (לויפן ביידע אַרויס אין אַ צווייטן צימער).

מ ע י : (לאָזט אַרונטער צוריק דעם פאָרהאַנג, שטייט גערדיקט, מיט אַן אויסדרוק פון זינקענדיקער ווירדע. לייגט זיך אויף דער סאָפע, מיט אַ שווערן געמיט).

ג י ו נ י אַ : (רויכערט דאָס פּאַפּיראָסל, לאָזט דעם רויך, דאָס אויג אָנגעשפּיצט מיט אַ ממזרישן שמייכל אויף מעיען; טרעט צו צו איר, זעצט זיך אַוועק אויפ'ן דיוואַן, פירט זיין האַנט איבער אירע האָר).

מ ע י : (שווייגט — פּאַסיוו).

ניוניא: (לייגט צו זיין קאָפּ צו איר, נעמט זי אַרום, לאָזט זיך זי קושן).

מעי: (ליגט פאַרזונקען אין איבערלעבונגען, איז גלייכגילטיק צו אַלעס, פּאַוזע. — דורך אַ שמאָלן חלל, וואָס צווישן איין פּאַרטיר און צווייטן איז צו זען ווי — )

זאַכאַרי: (קומט אַריין אין זאַל, פאַרוויגט זיך קאַלט; מעסט אַלעמען אָפּ מיט אַ פאַראַכטונגס-בליק, גייט אין דער ריכטונג צום מוזיק־צימער).

מר. שרייבמאַן: (לויפט הינטער צו אים) זאַכארי! אייער מיינונג וועגן ניוניא'ן. —

זאַכאַרי: (אַ מאַך מיט דער האַנט) דאָנ'ט באָדער מי! (קומט אַריין אין מוזיק־צימער).

ניוניא: (שפּרינגט אָפּ).

מעי: (זעצט זיך אויף).

זאַכאַרי: אַך, ענטשולדיקט... (אַ טריט צוריק).

מעי: וואוהין גייט איר אַזוי? קומט אהער, קומט אהער, זאַכארי.

זאַכאַרי: (אויף זיין פּנים שפּירט זיך אַ מידקייט, און איבער־הויפּט אַ פאַרביטערטקייט; שווייגט, נעמט אַרונטער די הוט פון קאָפּ, זעצט זיך צו דער פּיאַנע, טוט אַ שפּיל, הערט אויף. אינדירעקט) — דאָרט גייט אָן אַ שפּיל אין מיינונגען, און דאָ...

מעי: (ליבליך) און פאַר אייך איז שוין גאָרניט געבליבן?

זאַכאַרי: וואָס?

ניוניא: (איראָניש) און דאָס „באַטעלע" (עמיצער פון זי פּאַרזאַמלטע מענער און פרויען טוט אַ דריי אַ פלעשל אויפ׳ן דיל, און אַנטקעגן וועמען דאָס פּיסקל פון פלעשל שטעלט זיך אָפּ, דער צוקושט זיך מיט׳ן ערשטן)?

זאַכאַרי: אַ, אויך אַ נאַרישע שפּיל.

ניוניא: וואָס־זשע זענט איר געקומען?

זאַכאַרי: אַ שטיקל ספּיים מוז מען דאָך ערגעץ אויסשפּילן, ערגעץ מוז מען זיך דאָך אהינטאָן.

ניוניא: (יעכידנעש) מע' „מוז"? קיין נויטיקע זאַך איז דאָס ניט. אַ ציוויליזירטער מענטש געפינט זיך שוין אַן אויסוועג דערצו.

ז א כ א ר י : איך בין דאָך אָבער ניט קיין „ציוויליזירטער”. דער „ציוויליזירטער” זענט איר דאָך.

מ ע י : (זיך אַריינמישנדיק) וואָס איז מיט אייך געוואָרן? איר האַלט דאָך אַזוי איינס פון צווייטן, שטענדיק צוזאַמען, ווי אמת'ע חברים און... ער איז דאָך שוין כמעט אייער צווייטע העלפט, און ווי מע' רעדט זיך דאָס אַריין.

ז א כ א ר י : יאָ, איך האָב אים ליב געהאַט אַזוי לאַנג ווי איך האָב געדענקט אַז ער איז עפּעס. און איצט — האָב איך געביטן וועגן אים מיין מיינונג.

נ י ו נ י א : און וועגן ווע מען האָט איר דען יאָ א גוט וואָרט? (צו מעייען) וועמען האָט ער דען יאָ ליב? אַנו פרעגט אים נאָר וויפל מיידלעך, מיט ווייבלעך ער האָט שוין געהאַט, געווען פאַרליבט אין זיי איבער די אויערן און צום סוף געשריגן אויף זיי אַז זיי זענען „יענטעס”. (לאַכט) —

מ ר. ש ר י י ב מ א ן : (פון זאַל רופנדיק) מיסטער בערגלבוים!—

מ ע י : (גליי כצייטיק) יאָ, זאַכאַרי? אויב אַזוי, זענט איר דאָך גאָר א שטיק דאָן זשואַן.

ז א כ א ר י : נו, וואָס-זשע זאָל איך טאָן? אַז מענטשן זענען אַזוי פאַרשטעלט... צייגן זיי נאָך אַרויס דאָס שיינע, האָב איך זיי ליב. און, נאַטירליך, ווען זיי צייגן אַרויס דאָס מיאוס'ע, מוז איך פון זיי אַנטלויפן.

נ י ו נ י א : גלייך ווי ער אליין וואָלט געווען א כשר לעמעלע, א מלאך'ל. (פול מיט גיפט) איר זענט דאָך ווי א דאָרן! שאַרט מען זיך צו צו אייך — אַזוי שטעכט איר דאָך! אַז קיין שפּאַס ווייסט עס ניט. אַלעם נעמט עס פאַר מזומן. און ער אַליין, — יענעם אויסצולאַכן, מאַכן פון יענעם א גאָרניט, ממש פאַרשפּייען יענעמס דאָס פּנים, — ער מעג! —

מ ר. ש ר י י ב מ א ן : (ווידער פון זאַל, רופנדיק) מיסטער בער-גלבוים! קומט אַריין! —

ז א כ א ר י : (איינצייטיק) ווייל דאָס וואָס איך זאָג איז תמיד אויף עפּעס באַזירט, ניט אומזיסט. איך וועל יענעם קיינמאָל פאַר גאָרניט באַליידיקן. סיידן אַז יענער איז א חזיר און קריכט מיר שוין מיט זיינע שמוציקע שטיוול אין די גערגנערעס אַריין.

ג י ו נ י א: אָ, ניין, ס'ניט דאָס. דער אומגליק מיט אייך, — מיט אזעלכע ווי איר בכלל, — איז דאָס וואָס איר מיינט אַז איר זענט עפּעס אַ גאָט, — כ'ווייס וואָס דאָרט פאַר אַ גאָט, — און דערפאַר מעגט איר אַלעס, און יענער, ווער ווייסט פאַר וועלכע זינד, איז אַ משה מחויב פון אייך אַלעס אויסצושטיין — און שווייגן. —

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: (פון צווייטן צימער) בערגלבוים! —

ז אַ כ אַ ר י: (צו גיוניאַן) אָ, גייט, אייך שוין, גייט אייך שוין! דאָרט דאַרף מען אייך זייער נויטיק. גייט, גייט; גייט שפּילן אייער נארישע מיעשטשאַנישע שפּיל — די שפּיל אין מיינונגען!

ג י ו נ י א: אַ שלעכטע שפּיל? עס איז דאָך בלויז פאַר שפּאַס.

ז אַ כ אַ ר י: שפּאַס? אָבער דער טראָפּן פון גיפטיקן ערנסט איבערוועגט דאָך די שאָל פון שפּאַס. אָ, איך ווייס שוין וואָס פאַר אַ שפּאַס דאָס איז.

ג י ו נ י א: וואָס־זשע ווילט איר? לעבעדיקע מענטשן מוזן זיך דאָך מיט עפּעס פאַרווײַלן.

ז אַ כ אַ ר י: נו, גוט, גוט. גייט — וועט איר דאָרט זען און לערנען וויפל שמוץ עס ליגט דאָרט אויף די הערצער און מחות ביי יעדן פון אייערע פריינט, — פון די פריינט וועלכע קלאַפּן אייך גוט־ברודעריש איבער דער פּלייצע און שמייכלען זיך צו אייך שעלמיש, גייט — איך האָב מיט אייך מער גאָרניט וואָס צו רעדן. איך האָב געדענקט איר זענט לייטישער, נאָר איך זע שוין אַז איר זענט אויך דער זעלביקער טראָפּן פון דעם גרויסן שמוציקן ים, וועלכער רופט זיך — ל ע ב ן!

ג י ו נ י א: (צעלאַכט זיך סאַרדאָניש).

מ ר. ש ר י י ב מ אַ ן: (לויפט אַריין) מיסטער בערגלבוים! (נעמט אים אונטער דער האַנט) קומט אַריין, מע דאַרף אייך דאָרט האָבן. (אָפּ מיט גיוניאַין).

מ ע י: (נאָך אַ קורץ שווייגן) זאַכאַרי! וואָרום רעדט איר מיט אַזוי פיל גאַל? וואָרום איז דאָס אַזוי?

ז אַ כ אַ ר י: (זיך צוזעצנדיק לעבן מעייען, אויף דער סאָפע) וואָרום?.. ווייל עס טוט מיך וויי... איך האָב געוואָלט זען מענטשן, און אויב ניט קיין מענטשן — איז טייוואָלים, נאָר ווען איך זע, ניט קיין מענטשן און ניט קיין טייוואָלים, נאָר עפּעס, אויף פּראָסט גערעדט —

ווערים! נו, טוט מיר ווי דאָס האַרץ, וואָס איך זע מענטשן אַלס ווערים. איז עפּעס איינגענעם צו קוקן אויף ווערים? זען ווי זיי קריכן... אָפּטמאָל אין צעריסענע טיילן — פו!.. אַך, בעסער ניט צו רעדן דערפון. ווייל רעד איך — אַזוי שטיקן מיך טרערן... ווארג זיך מיט געוויין...

מ ע י : נו גוט. דאַן וועלן מיר מער פון גאָרניט רעדן. איך האָב אייך אפילו געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער...

ז אַ כ אַ ר י : אָבער וואָס? עפּעס נייעס?

מ ע י : איך ווייס ניט... אפשר נייעס... אָבער ניט איצט. זינגט בעסער עפּעס.

ז אַ כ אַ ר י : איר האָט מיך געמאַכט נייגעריק און איצט הייסט איר מיר זינגען?

מ ע י : לאָזט דאָס צו מיר, זאַכאַרי, פון מיר האָלט איר דאָך יאָ עפּעס. ניין?

ז אַ כ אַ ר י : פון אייך?.. זיכער. אייער הויז איז דאָך דאָס איינציקע וואוהין איך קום אַריין, און איר זענט די איינציקע מיט וועמען די צייט פליט אַוועק, ווי מיטן רויך, איר ווייסט דאָס... — נו, זאָגט?

מ ע י : ניין, זאַכאַרי... איר מוזט פריער עפּעס זינגען.

ז אַ כ אַ ר י : נו, איר זענט דאָך אויך ניט פון די קליינע עקשנים. מילא... אָבער ווי קאָן מען זינגען, ווען דאָרט איז אַזא האַלעבורדע.

מ ע י : שטילערהייד. אַזוי, אַז בלויז איך און איר זאָלן הערן. — זינגט... „כאַכאַטאַלאַ", יאָ? (אַ שווייגן).

ז אַ כ אַ ר י : (נעמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס, פאַר־רויכערט, זינגט שטיל אַ. מאַיקאָווס באַלאַדע, פון דער פּאָעמע פּושקין׳ס („ציגיינער").

“Ее в грязи он подобрал,
Чтоб все достать ей
Красть он стал.
Она в довольстве утопала,
И над безумцем хохотала.

И шли пиры, но дни текли,

Вот утром раз за ним пришли,
Ведут в тюрму,
Она стояла перед окном,
И хохотала.“

אין שמוץ ער האָט זי אויפגעקליבן,
אום ברײנגען אַלץ איר
אַ גנב געוואָרן.
די האָט אין וואוילטאָג געזונקען,
און איבערן צעדרייטן אויסגעלאַכט זיך.

מ׳האָט געהוליעט, נאָר די טעג האָבן געדרונען,
און גאַנץ פרי איינמאָל נאָך אים זימען געקומען,
אין טורמע מעי פירט אים.
די איז געשטאַנען בײם פענצטער
און אויסגעלאַכט זיך.

— (לויפט אַריין, צו מעייען) עמיצער וויל אייך זען.

מ ע י : ענטשולדיקט, זאַכאַרי. איך קום באַלד צוריק. (אָפ).
ז אַ כ אַ ר י : (בלייבט זיצן אַליין. דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, די הענט אויף דער ברוסט, פּאַוזע. זעצט פאָר, די ליד — גאָר שטיל און אויסדרוקספול, די אויגן פאַרמאַכט. פאַרטראָגן):

Он из тюрьмы ее молил,
Я без тебя душой изныл,
В тебе блаженство, упоенье,
С тобой забуду все мученья,
Приди ко мне, приди ко мне...
Она качала лишь головой,
И хохотала.

Он в шесть по утру был казнен,
И в семь во рву похоронен.
А ночь пришла, она плясала,
Пила вино и хохотала —
И хохотала.“

(ער האָט פון דער טורמע זי געבעטן,
אָן דיר עס טרוקנט מיין נשמה,
אין דיר איז פרייד און טרייסט,
מיט דיר פאַרגעסן כ'וועל אַלע ליידן,
קום צו מיר, קום צו מיר . . .
זי האָט בלויז געקאַטשעטע מיטן קאָפּ,
און אויסגעלאַכט זיך.

אום זעקס גאַנץ פרי האָט מען אים געיהרגעט,
און אום זיבן אין גרוב באַהאַלטן.
און איז נאַכט געוואָרן, האָט זי געטאַנצט,
געטרונקען וויין און אויסגעלאַכט זיך —
און אויסגעלאַכט זיך).

(פּאַוזע. בלייבט זיצן אין זיין דערמאָנטער פּאָזע פּאַר אַ לייגגע־רער צייט).

מ ר. ש ר ײ ב מ א ן : (אין זאַל) פריינדע! אָרדער, פּליז! איצט גייט אויף'ן צימבל אונדזער אינטעליגענטער פריינט, מיסטער ניוניאַ בערגלבוים!

ע ו ל ם : (אַפּלאָדירט).

ז אַ כ אַ ר י : (ווערט אָנגערעגט, טרעט צו צו דער טיר פון זאַל, פאַרנעמט אַ טייל פון פאָרהאַנג אָן אַ זייט. שטעלט זיך מין הצד, הערט זיך איין).

מ ר. ש ר ײ ב מ א ן : (לייענט) „מיסטער ניוניאַ בערגלבוים איז אַ אינטעליגענטער בוי — און שוין". — „מיסטער ניוניאַ בערגלבוים איז מקנא אַ בעקער". — „קוקט אויס ווי אַ רוסישער אויסגעמוטשע־טער עקסטערניק". — „שמייכלט צו אַ פּאַמפּערניק". — „ער דיינקט אז ער איז, נאָר ער איז ניט". — „ער איז אַ געלערנטער און איך גלייך אים". — „ער האַלט פון זיך צו פיל". — „ער קאָן זיך צופיל אז ער

זאָל זיך קאָנען רעכענען מיט אַ צווייטנס מיינונג". — און דאָ זאָגט עמיצער אַז, „מיסטער ניוניא בערגלבוים איז אַ — אַ פּאַסקודניאַק". — (אויסגעפּלאַצטער געלעכטער, פול מיט הנאה).

זאַכאַרי: (שמייכלט מיט).

ניוניא: (שטייט פאַרשעמט, צוטומלט).

מעי, דאָרים: (שטייען אין אַ ווינקל, רעדן צווישן זיך).

מר. שרייבמאַן: (אָנגייענדיק) „ניט אין זיין קרוג (קרייז)". „עט, אַ אינגל" —

מעי: (שטעלט אָן אַ קרומען בליק אויפן גאַנג פון דער שפּיל, באַהערשט זיך, זעצט פאָר איר געשפּרעך מיט דאָרים'ן).

מר. שרייבמאַן: (פון פּאַפּיר אַרויס) „אַן איבערגעגעבענער פריינט". — און דאָ האָט עמיצער געבעטן איבערצוגעבן אין רוסיש: „יאַשטשיק פּראָסטאָ אָטקריוואַיעטסאַ" (דאָס קעסטעלע עפנט זיך גאַנץ איינפאַך). — „קיין ליגן זאָגן וויל איך ניט, און דעם אמת צו זאָגן צווינגט מיך קיינער ניט". — „דער אמת איז ביי אים פאַררוקט אין טשאָלנט". „נאַרט אָפּ מיידלעך".

מר. גילים: (צעלאַכט זיך געשמאַק).

מעי: (אונטערברעכנדיק) איך פּראָטעסטיר, און איך בעט...

מר. גילים: ס'אָרייט, מעי, ס'אָרייט.

מעי: ניין, גילים, עס איז ניט אָלרייט!

מר. גילים: (אַ וואונק צו מר. שרייבמאַן) לייענט ווייטער.

מעי: (פאַרשווייגט ברויזיק, קאָנטראָלירט זיך).

ניוניא: (שטייט איבערלעבנדיק, נאָר צווינגט זיך צו שמייכלען).

מר. שרייבמאַן: (זעצט פאָר) „אַ קלוגער". — „מיסטער ניוניא בערגלבוים איז אַ געפּאַלענער שטערן". — „מיסטער ניוניא בערגלבוים איז אַן אָפּגעבליאַקעוועטער דייטש" — (אַ פאַרהילכדיקער געלעכטער).

מעי: (אויספּלאַצנדיק שטורמיש) פּליז, מיסטער שרייבמאַן! גיט מיר דאָס פּאַפּירל!..

מר. שרייבמאן: וואָס איז דער מער, מרס. גילים? לאָזט פינישן.

מר. עדוויק: ער האָט געמעגט אַנדערע אַריינזאָגן, און אים טאָר מען ניט?! (טומלונג).

מעי: (רייסט אַרויס דאָס פּאַפּירל פון מר. שרייבמאַנ'ס האַנט, צערייסט עס) פּע, אַ שאַנדע! וואָס פאַר אַ מיינונגען פריינט גיבן ווען אַ פריינט!.. איך וויל דאָס ניט ליידן און אַזוי לאַנג ווי איך בין ־אַ אין הויז, וועל איך אַזעלכעס ניט דערלאָזן! דאָס איז אַ שפּיל אין אינקוויזיציע, ניט אין קיין מיינונגען!.. מענטשן פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט!..

זאַכאַרי: (צעלאַכט זיך — קריטיש).

פאָרהאַנג

## פערזאָנען:

שטאָלצמאן.

זעליג.

פוזנער.

(אַ שמאָל, לייגגליך צימערל. די גרינע פאַרב, וואָס אויף די ווענט, שוין קוים צו מערקן. ערטערווייז שטאַרק אָפּגעליש־טשעט. די פּאָדלאָגע — שמוציק, אָפּגעריבן. בלויז דאָ, דאָרט איז זיך משער צו זיין אַז זי איז אַמאָל געווען רויט געפאַרבט. רעכטס, אַן אַלט, אָפּגעקראָכן וויים בעטל, מיט אַ קויטיק בעט־געוואַנט. אין ווינקל, ביים איינציקן פענצטער, וואָס קוקט צו דער גאַס, שטייט אין איין זייט אַ פאַרשטויבט בענקל און אין דער צווייטער זייט— אַ קאַמאָד, מיט אַ פאַרפלעקטן, פאַר־פּראָשעטן שפּיגל. אויף דער קאַמאָד ליגן: צוויי מאַנדאַלינעס, ביכער, נאָטן, פאַפּירן, קאָנווערטן; הענטשקעס, האַלדזטוכער, פאַדים; אַ גאָל-מעסער, אַ טשאַשקע פאַר זייף, אַ זייף-בערשטל... לעבן דער קאַמאָדע, אין דער לייִנג, אַנטקעגן בעט, שטייט אַן אַלטער קאַסטן. אויפן קאַסטן — אַ גאַז-אייוועלע און עטוואָס אָפּגעטראָטן פון קאַסטן, שטייט אַ קליין טישל. אַזוי אַז צווישן בעט און טישל בלייבט זייער אַ שמאָלער דורכגאַנג... פון דרויסן הערט זיך כסדר דאָס גרילצן פון טראַמוואַיס, לופט-צוגן און אויטאָמאָבילן. פון הינטערגרונט קוקן אַריין אַפּאָר פענצטער פון אַ רויטער, דריי־שטאָקיגער בילדינג, מיט אַ שטיק שוואַרץ־פאַרוואָלקנטן הימל. אויף די שויבן שלאָגט אָן אויפהער אַ רעגן. — אַ קאַלטער האַרבסטי־קער רעגן. פּאַוזע).

שטאָלצמאַן: (קומט. זיין גרויליכע הוט, מיט דער צעקראַ־כענער גרינבליכער פּאַלטאָ, מיט זיין גאַנצער הלבשה איז דורכגעווייקט פונים רעגן, אַז ממש עס רינט פון איס. אין די שיך — ווי זשאַבעס וואָלטן דאָרט געקוואַקעט. זיין יעדער טריט ווערט באַגלייט מיט דער „קוואַק-מוזיק" פון די שיך... טרעט אַריין ניט־וואַגנדיק. דאָס פּנים פאַרצויגן מיט פאַרדראָס און צאָרן. בלייבט שטיין פאַר אַ צייט ביים אַריינגאַנג. קוקט אויף זיך און אויפן אַרומיגן מיט דער העכסטער פאַראַכטונג. פּאַוזע. מאַרשירט הין-און-צוריק. שטעלט זיך אָפּ ביים פענצטער. טרעט צו צולעצט צום שפּיגל, קוקט — ווי ער וואָלט זיך ניט דערקאָנט... פאַרגלייכט זיך מיטן געשטאַלט, וואָס אין שפּיגל. שטייט אַ רגע, צוויי; פּיבערט פון קעלט און נעץ... נאָך אַ לאַנגן נאָכדיינקען, דורך אַ ציטערדיקער שטימע, מיט די בליקן שאַרף אָנ־

געשטעלט אויפן שפיגל) ווער איז דאָס?.. (כמעט ווי צוטומלט, און דורך העכסטער שטוינונג) ווען זע איך דאָס?.. ווער זאָל דאָס זיין?.. א י ך?.. בין איך דאָס?.. (טרעט אָפּ, מאַרשירט אַרום; פּאַרקוקט ווידער אין שפּיגל אַריין פול מיט סאַרקאַזם) כאַ־כאַ־כאַ... (שטעלט זיך ווידער אָפּ, דורך אַיינעסנדיקע אויגן) און דאָס איז אַ מענטש! דער קיניג פון דער וועלט... דער וואָס וויל באַזיגן די נאַטור, דאָס לעבן, דער — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... און אָט דאָס, אָט די אויסגע־ווייקטע פּייג, אָט די אויסגעשמיסענע הון בין — א י ך? — א י ך?.. זאָל דאָס טאַקע זיין דער וואָס אין שפּיגל, דער זעלביקער וואָס איך רוף — איך?.. איז אָט דאָס די איינציקע בילד, וואָס איך האָב גע־קאָנט מיט זיך שאַפן פאַר דער צייט פון מיין ביז־איצטיקן לעבן? איז דאָס די אָפּשפּיגלונג פון איינעם, וועלכער האָט קיינמאָל ניט גערויבט די רו אַפילו פון קיין פליג? אָ, דו פאַרדאַמטע בילד — די בילד פון מאַטערניש און נויט!.. איך שטעל זיך נאָר פאָר: וואָס וואָלט איך ניט געטאָן ווען איך טרעף זיך אָן אין לעבן מיט אַזעלכן ווי איך זע איצט פאַר זיך אין שפּיגל! כ׳וואָלט זיך דאָך פאַר אים גערן מקריב געווען, אַבי אַרונטערצורייסן פון אים אַזאַ חוזק־דעק און אויב נויטיק אים אינגאַנצן באַפרייט דערפון אויס מיטלייד. און — און וואָס טו איך מיט זיך אַליין? גאָרניט! אַנשטאָט אַרונטערצושינדן פון זיך די קליידער פון דערנידערונג און מאַכן אַ סוף צו אַזאַ אָפּשפּיגלונג פון געמיינהייט און אַכזריות, שטיי איך און קווּיק זיך מיט מיינע שטיק־דיקע טרערן און אַנשטאָט שפּייז רייס איך שטיקער פון מיין אייגן האַרץ... און דאָס וואוינונג — וואָס פאַר וואוינונג! דער ערגסטער פאַרברעכער וואָלט מיט זיין לעבן באַצאָלט אַבי זיך אַרויסצורייסן פון אַזאַ געפענגעניש... אַך, די פאָדערנדיקע פרייז פון לעבן — ווי ברוטאַל און פאַרדאָרבן!.. (מאַרשירט אַרום אויפגערעגט. פּאַוזע).

פ ו ז נ ע ר: (הויז, גראָב־בייכיק און מיט אַ פּאָר פייכטע גלאָ־ציקע אויגן. ד יהאָר פון קאָפּ אינגאַנצן אַרונטערגעשוירן. קומט אַריין אָן דער הוט און ראָק; חוצפּהדיק, עטוואָס אונטערשטאַמלענדיק). הם, אַ־איך וויל ג־געלט! נ־נאָך ניט צייט!

ש ט אָ ל צ מ אַ ן: (צוריקגעהאַלטן) אַלזאָ מיסטער פוזנער, איר׳ט מיר מוזן צו־וואַרטן... איך אַרבעט איצט ניט... און — און

גלויבט מיר, ווי נאָר איך וועל קריגן אַ באַשעפטיקונג, וועט איר גלייך קריגן באַצאָלט.

פוזנער: וואָס? וו־ווען וועט עס זיין?

שטאָלצמאַן: אַזוי שנעל ווי איך קריג נאָר ארבעט — וואָס עס זאָל ניט זיין...

פוזנער: וו-ווייניק ארבעט פ־פאַראַן? נאָר וו־וואָס גייט׳ס מיך אָן, איך... איך ד־אַרף האָבן געלט און — — דעצאָל!.. איך ד-אַרף אויך צ-צאָלן רענט.

שטאָלצמאַן: יאָ, אמת, אָבער איך בעט אייך, מיסטער פוז-נער, וואַרט מיר צו. גלויבט מיר, איך בין זיך היינט אָנגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג פון פינף אַזייגער אינדערפרי ביז איצט, אַז מיינע פיס זע־נען מיר שוין געשוואָלן, און — אַזוי ווי, פון׳ם שטיין... דאָרט דאַרף מען זיין אַ בירגער, און ערגעץ אַנדערש אויב איר זענט אַ איד זענט איר פסול, און...

פוזנער: אַ, וו־וואָס דערציילט איר מיר מ-מעשיות! איך — איך ד-אַרף דאָס ניט וויסן. איך וויל געלט! און ווען ניט, היינג איך שוין ארויס אַ טו־טו-לעט און פאַרדינג די רום אַ צווייטן... (אָפּ צו דער טיר, אויף אַוועקצוגיין).

שטאָלצמאַן: (נאָך אים נאָך, אויפגעברויזט) וואָס-זשע, מיסטער פ—פוז! (אָנגרייפנדיק דעם לעצטן פאַרן אַקסל) דיינקסט מיך ארויסצעוואַרפן אין גאַס ארויס!

פוזנער: נו וואָס דען מיינסטו, כ׳וועל ק־קוקן אויף דיר!

שטאָלצמאַן: אָ, ניין, מיסטער פוז! גיכער וועל איך דיר אריינוואַרפן אין קבר אריין, איידער דו מיך אין גאַס ארויס! (מיט די הענט פעסט אַרום פוזנעריס האַלדז) פאַראַזיט!..

פוזנער: (פאַרשטיקט) העלפּט!.. העלפּט!... העּ—הע...

זעליג: (לויפט אַריין האַסטיק; צוטומלט) שטאָלצמאַן!.. (באַפרייט פוזנערן).

פוזנער: (שנעל אָפּ — דראָענדיק).

שטאָלצמאַן: (שפּאַנט אַרום אויפגעברויזט. פּאַוזע).

זעליג: וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? ביזט ארונטער פון זינען... האָסט דאָך אים שיר ניט דערוואָרגן...

שטאָלצמאַן: (דורך פאַרקריצטע ציין) אָט אַזוי וועל איך

פון איצט אָן „באַגריסן" דאָס אַרומיגע! מיט מאַכט און פּויסט אַלצ-דינג אָפּראַמען פון מיין וועג!

זעליג: און ווען דאָס אַרומיגע וועט זיין שטאַרקער פאַר דיין פּויסט?

שטאָלצמאַן: דאַן — דאַן זאָל דאָס מיך אָפּראַמען. און דאָס ערשטע וועל איך וויסן, אַז איך בין אַמווייניקסטן ניט קיין וואָרים, וואָס ווערט צעריבן פון יעדן נישטיקן פאַרבייגייער.

זעליג: אָבער וואָס איז היינט מיט דיר מער ווי תמיד? וואָס האָט געשען?

שטאָלצמאַן: געשען? געשען האָט גאָרניט. גאָרניט... דאָס איז... (טרעט צו צום שפּיגל) קום אַהער זעליג, וועל איך דיר געבן אַ קלאָרן ענטפער.

זעליג: (טרעט צו).

שטאָלצמאַן: קוק אַהער, מיין פריינט, און זאָג מיר: וואָס באַדייט אָט די בילד אין שפּיגל? איך צווייפל און קאָן זיך ניט פאָר-שטעלן אַז איך זאָל דאָס זיין דער אָריגינאַל דערפון. בין איך דאָס ווירקליך דער, אויף וועמענס באַקן עס האָבן זיך געשפּילט די פאַרבן פון אומשולד און גבורה? זענען דאָס די אויגן, וועלכע האָבן גע-שפּריצט מיט אַ געטליכן פייער? און מיין שטימע — איז דאָס די שטימע, וועלכע פליג אַזוי קלינגען מיט פרייד און געלעכטער? ענט-פער מיר, זעליג, וואָרום שווייגסטו?

זעליג: מיין פריינט, מיט דיינע רויטע באַקן, פלאַמענדיקע אויגן און קלינגענדיקער שטימע האָסטו באַצאָלט דעם מס פאַר דיין עקזיסטענץ. דאָס איז די פאָדערנדיקע פרייז. יעדער איינער באַצאָלט מיט עפּעס. ווילסטו זיין אַן אויסנאַם?

שטאָלצמאַן: וואָס? יעדער איינער צאָלט? ניין! צאָלן הייסט זיין באַוואוסטזיניק און זיין באַוואוסטזיניג מיינט צו האַנדלען לויטן אייגענעם פרייען ווילן. אָבער אין דעם פאַל איז דאָס ניט אַזוי. דאָ איז דאָס עפּעס אַן אויסגערעכנטער רויב, אַן עקספּלואַטאַציע און נאָכמער — אַ חוזק! אַ מער'דערשער לצנות! אַ לצנות פונקט ווי דער גאַנצער קיום העולם. קיין זאַך הייגגט ניט אָפּ אין עמיצנס אינדיווי-דועלן ווילן און אַלצדינג איז ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון אַן אונ-דירעקטער צוואַנג. יאָ, זעליג, איך האָב מורא אויב אפילו דו ביזט אויך

ניט קיין טייל פון יענעם מערדערשן חוזק, געשאפן און צוגעשטעלט געוואָרן צו מיר אלס א שומר מיך אפצוהאלטן פון מיינע פרייע מעש׳ים און דאָס ערשטע צו נעמען נקמה.

זעליג: נקמה? פון וועמען?

שטאָלצמאן: (פארשווייגט אַ רגע, זעצט פאָר) יאָ, זעליג, איך וועל ניט גאַראַנטירן פאר זיך, ווען דער געוויטער פון פאַרפאָלגונג וועט איבערפילן די מאָס פון מיינע ליידן. בעסער לאָז מיך אליין, איידער דאָס פייער פון מיין ראַכע צעפלאַקערט זיך. היט זיך אז די פלאַמען פון נקמה זאָלן דיך אויך ניט פאַרברענען.

זעליג: ניין, שטאָלצמאן! פאַרלאָזן דיך? דאָס וועל איך ניט טאָן, מיר זענען ביידע פון קינדווייז אָן צוזאַמען געוואַקסן, און... וואָס בין איך אָן דיר?

שטאָלצמאן: עט, נאַרישקייטן! מיר זענען ביידע צוויי באַזונדערע וועלטן.

זעליג: אָבער ניט ווען מיר זענען צוזאַמען. צוזאַמען זענען מיר אַמווייניקסטן עפּעס. נאָר באַזונדער זענען מיר פאַר זיכער ביידע גאָרניט.

שטאָלצמאן: ניין, זעליג, ניין! איך ווייס די אַלע קונצן פון דער נידערטרעכטיקער שפּיל, וועלכע רופט זיך „לעבן" און וועל באַצאָלן צוריק מיט דער זעלבער מטבע.

זעליג: וואָס מיינסטו?

שטאָלצמאן: צאָלן צוריק מיט — מיט מערדערשער לצנות!

זעליג: כאַ־כאַ־כאַ... דו?

שטאָלצמאן: יאָ, איך!

זעליג: אַ, דו וועסט דאָס ניט טאָן.

שטאָלצמאן: אָ, איך וועל דאָס יאָ טאָן! בין איך ניט בארעכטיקט דערויף?

זעליג: וועגן דעם וועל איך מיט דיר ניט ארגומענטירן. אָבער זאָג מיר, וועסטו קאָנען פאַרליידן די שמערצן וואָס איך וואָלט געליטן דורך דיינע אכזריות?

שטאָלצמאן: (פאַרשווייגט...) אָט דאָס הייסט צו ווערן ברוטאַל געשלאָגן און ניט קאָנען דערלאַנגען צוריק... מערדערשע לצנות — כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!.. פאָרהאַנג

# יעפים אלעקסאנדראוויטש

(אַ ויכוח איבער אַן אַלט-נייער מכה)

אין איין אקט

# פּערזאָנען:

יעפים אַליעקסאַנדראָוויטש: (אַ קריסט, אַ משכיל)

אָסיפ ראַבינאָוויטש: (זיין חבר אַ היינט-וועלטיקער איד).

פּנחס ראַבינאָוויטש: (אָסיפּס ברודער. אַ וואַלד-הענדלער).

(אַ ציכטיק צוגעראַמטע זאַל ביי פּנחסין אין הויז. — אָנ־פאַנגס האַרבסט. פון דרויסן קוקט אַריין אַ פאַרכמאַרעטער הימל, די שויבן פאַר-רעגנט און פון דער גאַס הערט זיך, פאַר דער גאַנצער צייט אַ טראַכקעריי פון פאַרביילויפנדיקע רעדער).

**פּנחס:** (אַ איד, מיט אַ גלאַנציקער שוואַרצער באָרד און גע־פּלעשלטע פּאהילעך. טראָגט אַ קאַפּאָטע, אָרום האַלדז אַ ווייסן קאָל־נער, מיט אַ שוואַרצן גאַלסטוק. — שטייט אָנגעטאָן אויף אַוועקצוגיין, נאָר נעמט זיך צייט. דרייט זיך אַרום ישוב-הדעתידיק, קרייזלט זיך אַ פּאהילע).

**אָסיפּ, יעפּים:** (זיצן ביידע פאַרטראַכט, שווייגן, רויכערן).

**יעפּים:** (אַ פעסט-געבויטער מאַן. די האָר פון קאָפּ קורץ גע-שוירן, די באָרד שוין גרוליך, צוקעמט אויף צווייען. טראָגט אַן עלע־גאַנטן שוואַרצן פראַק, אויף אַ פינגער אַ גאָלדענעם רינג און אויף דער ברוסט, פון איין זשילעט־טאַש צום צווייטן, ציט זיך אַ גאָלדענע קייט. האַלט מיט זיך צווישן די פיס, אַ גראָבן געפלאָכטענעם שטעקן און אויפן שטעקן — זיין שוואַרצע ברייטע הוט. — דורך אַ בייזליכער גרימאַסע, אָנצייגנדיק אויפן פענצטער וואָס צו דער גאַס). אָט זעט! ווער זענען דאָס אָט די אַלע פּאַסאַזשירן? וואוהין פאָרן זיי — קיין אַמעריקע! און ווער? בלויז אידן! אַלע אויסגעוואַקסן דאָ אונטער רוסישן הימל, אויף דער רוסישער ערד. אַלע רוסישע בירגער! (מיטן שטעקן אין דער פּאָדלאָגע) ניין! כ'קאָן דאָס ניט צו-קוקן, איך קאָן ניט! (אָפּ איבערן צימער) עס פאַרדריסט, עס פאַרדריסט!

**אָסיפּ:** (אַ יונגערמאַן, מיט אַן איידל אָפּגעצערט פּנים און ראַ־פינירטע אויסדרוקן. קליינע וואָנסעלעך, געגאָלט, נעט געקליידעט. — שמערצליך) יאָ, יעפּים, איך בין מיט דיר פאָלקאָם איינשטימיג. אָבער וואָרום־זשע, יעפּים, פאָרן זיי אַוועק? דערפאַר ווייל זיי האָבן פיינט געקראָגן רוסלאַנד?

**יעפּים:** אָ, איך ווייס, איך ווייס. אָנגעניוכעט דעם ריח פון אַמעריקאַנער דאָלאַרס! דורשט נאָך געלט! —

**פּנחס:** (שטעלט אָן אויף אים אַפּאָר פאַרחידושיטע אויגן). —

**אָסיפּ:** דו זאָלסט דאָס זאָגן, גאָלובטשיק, וואונדערט מיך.

דו!.. דו, דער יודאָ-פּיל, דער... ניין, מיין פריינט, ניט קיין דורשט נאָך געלט, נאָר דורשט פאַר פרייהייט.

יעפּים: אָ, דורשט פאַר פרייהייט! ניין, אָסיפּ, אזוי טוען בלויז טרוסן!... ווילסט פרייהייט — זוך דאָס ביי זיך אין לאַנד. וויפל רו-סישע בירגער, העכסט רוסישע בירגער פאָרן קיין אמעריקע?

פּנחס: ווייל העכסט רוסישע בירגער האָבן, וואו פערוועך, די פרייהייט דאָ ביי זיך אין לאַנד, און... און וואו וואָרעך, אַנטלויפט מען ניט.

יעפּים: (מיט אַ האַנט אויף'ן לעצטנס אַקסל, פאַלט אים אַריין אין די רייד). צום-ביישפּיל, די מוזשיקעס, גאָספּאָדין ראַבינאָ-וויטש, האָבן זיי יאָ די פרייהייט, די פולע פרייהייט? וויפל שוויים רינט זיי אַרונטער פון זייערע פּנים'ער ביז זיי ברייננען דעם ביסן ברויט צום מויל און דאָס העמד אויף'ן לייב? און חוץ דעם, וואָס נאָך האָבן זיי? און איר — ווי ס'ניט איז, לעבט זיך פּאָרט אַביסעלע שענער, אין יעדן זינען. (צייגט אָן אויף דער אויסשטאַטונג פון הויז).

אָסיפּ: אָ, יעפּים, האָסט שוין געלייענט דאָסטאָיעווסקי'ס „דניעוניק פּיסאַטיעליא”.

יעפּים: וואָס?

אָסיפּ: ביזט דאָך זיין פּאַטריאָט. אזוי רעדט דאָך דאָסטאָ-יעווסקי...

פּנחס: (אין די רייד, היציק) ווער?.. אַ פּראָסטער כאַם רעדט אזוי!

יעפּים: (אויסגעהאַלטן) אָ, גאָספּאָדין פּינקוס ראַבינאָוויטש..

פּנחס: (ווי פריער) יאָ, יאָ, פּאַניע אַליעקסאַנדראָוויטש! ניט צו קיין שאַנדע אייך; מיר זענען דאָך היימישע, מעג איך דאָס אייך זאָגן. שוין אויך מקנא די „זשידעס” אויף זייער „שיינעם לעבן”! ווייל ביי אונדז ליגט ניט קיין שטרוי מיט קיין חזרים אין הויז. —

יעפּים: אַך, הערט אויף, הערט אויף! דערמיט טוט איר מיר שוין וויי, יעי באָגו! ווער איז אייך מקנא? אויף מקנא צו זיין זענען פאַראַן שענערע פאַר אייך, רייכערע פאַר אייך. פאַרשטייט מיך נאָר גוט. איך בין נאָר ברוגז, פּאָנימאַיעטע לי, ווען איך זע פאַר דער לעצ-טער צייט, יעדן גאָט'ס טאָג, אַז אַ ט'מא מיט דראָזשקעס זיך ציען און ציען צום וואָקזאַל אויף אַוועקצופאָרן אין דער וועלט אַריין! פריי-

הייט זוכן! ניין, פרייהייט זוכט מען ניט! פאַר פרייהייט קעמפט מען!

פּ נ ח ס: און אַז מע׳ שלאָגט?

י ע פּ י ם: שלאָגט מען צוריק! דאַכט זיך אַזוי גאַנץ נאַטירליך.

פּ נ ח ס: יאָ, דאָס זאָגט איר. אָבער פרעגט נאָר אייער ברודער, וואָס זאָגט ער, אָ? „זאָלן זיי זיך אָפּטראָגן די זשידעס!" — שרייט ער דאָך, — „איידער מיר נעמען זיי אַריין אין אונדזער זשמעניע". —

י ע פּ י ם: טאַ זענט איר דען, ווי פליגן, וואָס איר האָט מורא פאַר דער „זשמעניע"?

פּ נ ח ס: פּאַניע אַליעקסאַנדראָוויטש! וואָרום בין איך אַרויס פון דאָרף אין שטאָט אַריין, ווייסט איר?

י ע פּ י ם: ווייל — ווייל אייערע קינדער האָבן ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט די מוזשיצקע „שקאָצימלעך" און אייך איז ניט אָנגע־שטאַנען.

פּ נ ח ס: ניין, ניין, ניט דאָס.

י ע פּ י ם: אָ, ס׳איז יאָ דאָס, איך ווייס. אייך האָט דאָך די פּראָוויטיעלסטווע ניט געטשעפּעט; איר האָט דאָך געהאַט פּראָוואָ-זשיטיעלסטוואָ (וואוין)-רעכט).

פּ נ ח ס: אָ, ס׳ניט דאָס, ניט דאָס.

י ע פּ י ם: וואָס דען פאַר פּריטשינעס קאָנט איר אָנגעבן?

פּ נ ח ס: ווייל איינער אויף׳ן פעלד איז ניט קיין העלד. אין פאַרן טויט, ווער האָט דאָס ניט מורא?.. ווייסט איר וויפל אידישע פאַמיליעס עס זענען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן אין די דערפער אין דער מירנע צייט!

י ע פּ י ם: אָ, גלופּאָסטי! מענטשן מיט כאַראַקטער, מיט אַבי־סעלע בלוט אין זיך, אַנטלויפן ניט. און ווען אַנפאַלן — הרגעט דען ניט אויך איין מוזשיק דעם צווייטן? נאָר דאָס איז זיך אַ באַזונדער זאַך. וואָס איך פרעג איצט, איז: — וואָרום אַנטלויפן זיי דאָרט אַצינד די זשידקעס פון שטאָט? וואָרום פאַרלאָזן זיי דאָס לאַנד? ווער טשע־פּעט זיי? טרייבט זיי ווער, וואָס?

פּ נ ח ס: נו, דער פויגל זוכט וואָס העכער און דער פיש וואָס טיפער. און אַחוץ אַלעמען, גאָספּאָדין יעפים אַליעקסאַנדראָוויטש — עפּעס הייננט אין דער לופטן...

יעפים: אָ, אָ! עפּעס אָנגעשמעקט, דאַרף מען שוין אַנטלויפן. האָזן וואָס איר זענט! וואו איז אייער בלוט?

אָסיף: יאָ, יעפים, דאָס ביזטו גערעכט. אָבער דאָס איז נאַ־טירליך פאַר מענטשן, וואָס קאָנען דערלאַנגען צוריק, אָבער ניט פאַר — (מיט אַ וואונק אויף פּנחסים זייט) פאַר די מיט זאַקן און פּאַנטעפל. פאַר די וואָס פאַלן פון׳ם ווינט.

יעפים: גלופּאָסטי!.. קוק! ווער זענען דאָס דאָרט אויף די דראָזשקעס, וועלכע פירן אַוועק מיט זיך זייערע פּעק מיט גאָלד און זילבער קיין אַמעריקע? ניין, איך זע דאָרט געגאָלטע בערד, געדרייטע וואָנסעס, קאַפּעליושן, מיט מאַנישקעס, מיט קאָלנערס! קום אַהער, זע! (פירט אים צו צום פענצטער; מיט פייער) יונגען מיט ביינער! מענטשן מיט ענערגיע! די זאַפט פון לאַנד! און דאָס אַלץ פירן זיי אַוועק צו אַ פרעמדער מדינה! ניט אויף פרייהייט אויסצובייטן, נאָר פאַר געלט, פאַר געלט, פאַר געלט!... אָך, וויפל אַנטיסעמיטיזם דאָס קאָן צעבלאָזן. באָזשע מי מאָי! און, דעם אמת צו זאָגן, איך פיל דאָס איצט אַליין.

פּנחס: גאָספּאָדין יעפים אַליעקסאַנדראָוויטש! האָבן מיר שוין ווען פאַר אייך יאָ יוצא געווען? האַלטן מיר זיך דאָ, טויג ניט; פאָרן מיר אַוועק טויג ניט...

יעפים: אָטאָטאָ! אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער אומגליק מיט אייך: איר זוכט בלויז „יוצא" צו זיין, געפעלן ווערן. אָבער דערמיט קאָן מען בלויז אָפּנאַרן אַ פּאָריץ מיט מה־יפית. דעם אָבער וועלכער וויל אייך זען אַלס מענטשן, גלייכע מיט זיך; דעם, וועלכער זוכט אייער טובה און וויל דערפאַר דעם אמת, אייער האַרץ, אייער נשמה — דעם וועט איר ניט אָפּנאַרן. ניין, מענטשן מיט האַרץ, מיט נשמה, מיט לייב־און־לעבן צו אייער פאָטערלאַנד, דאָס זענט איר קיינמאָל ניט געווען. עפּעס האָט דאָרט ערגעץ אַ ווייע געטאָן אַ פויל ווינטל — מ׳אַנטלויפט שוין!.. דאָס פאַרדריסט דאָך, ס׳טוט וויי! (אַ שווייגן).

אָסיף: (מאַרשירט אַרום נידערגעשלאָגן).

יעפים: (טרעט צו צו אים, פון הינטער זיינע פּלייצעס) אָט שטעלט זיך נאָר פאָר, אָסיף: מיר ביידע זענען אויסגעוואַקסן אינאיינעם; אין איינעם זיך געשפּילט, געלערנט...

אָסיף: (מיטן רוקן צום לעצטן; טיף־שמערצליך, נאָר אויס־

געהאַלטן) און פונדעסטוועגן האָט מען מיך פון קלאַס אַרויסגעוואָרפן, און דו ביזט אוועק ווייטער.

יעפים: דאַרף מען דערפאַר אוועק קיין אַמעריקע? שלאָגט מען זיך דערפאַר —

אָסיפ: (יעפיס'ן אין פּנים אַריין, אויפגערייצט) און אַנשטאָט צו לעבן און געניסן — פאַרפוילט צו ווערן אין אָסטראָג, שטעקן אויף דער וויסיעליצע, אָדער אָפּצופינצטערן אַלע יאָרן אין סיביר ? !

יעפים: יאָ, ברודער, יאָ! אויף שטיקלעך זיך לאָזן צעשניידן, די אויגן זיך לאָזן אויסשטעכן, נאָר וויסן פאַרוואָס — אַזוי ווי מיך טוען!

פּנחס: יאָ, אַליעקסאַנדראָוויטש, אָבער וואָס זאָגט דערויף אייער ברודער? פאַר אַזעלכע זאכן מאַכט ער דאָך אונדז אָט אַזוי — (פירט צונויף די פינגער אין אַ קולאַק, פרעסט זיי פעסט צוזאַמען) מיט דער זשמעניע . . .

יעפים: אַ, מיין ברודער איז אַ איגנאָראַנט.

אָסיפ: אָבער וואָס פאַר אַ מאַכט?

יעפים: אַ, ער איז אַ גאָרניט. ער איז בלויז אַ מאַכט דאַן, ווען מע'לאָזט אים פריי פון בויגן. נאָר ניט פון אים רעד איך אַצינד. איצט רעד איך וועגן דיר. איך וויל, דו זאָלסט ניט זיין קיין האָז, איך וויל, דו זאָלסט מיט אונדז גיין האַנט-אין-האַנט. ניט אָפּשטיין, ניט פאַרבאַהאַלטן זיך אין קיין קעלערס און ניט אַנטלויפן! און דער וואָס שטעקט אויף'ן פלאָקן, פאָדערנדיק זיינע רעכט — דער קריגט זיי! פריער אָדער שפּעטער, דער חילוק איז שוין אַ קליינער. נאָר דאָס יאָ: — ניט פאַר אומזיסט, ניט פאַר אומזיסט! פאַר אייגענע רעכט מוז מען מיט עפּעס ביישטייערן. רעכט, ווערן ניט געקויפט מיט קיין געלט, נאָר מיט בלוט! אָבער ווען עס קומט צו בלוט — אַנטלויפט איר.

פּנחס: אַ, ווען איר רעדט פון בלוט, יעפים אַליעקסאַנדראָוויטש, דאַן הויבט אויף אייערע אויגן קיין מזרח.

יעפים: (מיט אַ טיפער דרך-ארץ־דיקער פאַרנויגונג) אמת, גאָספּאָדין ראַבינאָוויטש! דאָס איז די שפּייז אויף וועלכער איר האָט זיך אויפגעהאַלטן ביז אַהער. יאָ, פאַר אייערע העלדן פון אַמאָל, פאַר די קדושים, וועלכע זענען. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן אויסגעגאַנגען פאַר זייער גלויבן — פאַר זיי נעמען מיר אַלע, די גאַנצע וועלט,

ארונטער אציגד מיט דרך־ארץ די היטלען און בוקן זיך פאר זיי.
אָבער דאָס איז אַלץ געווען, וואָס איז היינט?.. עך, היינטיקע אידן!
אין וואָס גלויבט איר היינט? האָט איר זיך פאַרוואָס היינט מקריב צו
זיין?.. היינט, וואָס ניט איז, כאַפּט אייך גלייך אַרום די מורא פאַרן
פּעלכל און איר זענט שוין נישטאָ. איר ווייסט איין זאך: איינג —
דאַרף מען אָפּטרעטן, אַזוי ווי דאָס מייזעלע: עפּעס ניט גלאַט — אַזוי
זוכט דאָס באַלד דאָס ערשטע לעכעלע... מע' לאָזט ניט לערנען, ניטאָ
קיין ראָסקאָש, מע' דערלאַנגט אַמאָל אַ פּאַטש, אהא, שוין אָפּגעבלאָזן
דאָס אָרט — אַמעריקע!

פּ נ ח ס : מענטש איינער! ווער רעדט שוין פון לערנען, פון
ראָסקאָש, פון אַ פּאַטש? דאָ שמעקט דאָך מיט עפּעס אַנדערש . . .

י ע פ י ם : אָ, מער ווי מיט טויט קאָן ניט זיין און קיין צווייי
טויטן זענען ניטאָ און דעם איינעם פאַרפעלט מען ניט. ניין! פאַרן
טויט אַנטלויפט מען ניט, פאַראַן מאַטראָסן, וואָס לעבן אָפּ אַלע זייע־
רע יאָרן אויף'ן ים און אַנדערע — ווערן דערוואָרגן מיט אַ ביינדל
ביי זייער בעסטן מאָל־צייט און ביי זיך אין שטוב.

פּ נ ח ס : און דאָך, ווי זאָגט איר אַליין, פאַניע: ווידיוטשאַ
סמערטי סטראַשנאַ.

י ע פ י ם : אָ, באַבקעס! איך זע גאָרניט.

פּ נ ח ס : אָ, הערן, וויסן און וואַרטן פאַרן טויט איז נאָך שרעק־
ליכער ווי דער טויט אַליין. און ווען מיר, אידן, זאָלן זיך געוועזן לאָזן
שלאָגן ביז אַהער מיטן קאָפּ אין דער וואַנט און זיך ניט אויסבאַהאַלטן
פון אָנפאַלן, וואו וואָלטן מיר שוין איצט אָנגעשפּאַרט?

י ע פ י ם : נו גוט. און אויב עס וועט אין אַמעריקע אויך ווערן
איינג, וואָס דאַן? צוריק קיין רוסלאַנד? אָ, דאַמאָלט וואָלט איך דער
ערשטער אייך אַנטקעגן אַ מעסער אַרויסגעשטעלט!.. דער וואָס אַנט־
לויפט פון דער אַרמיי, דער איז שוין מער ניט קיין סאָלדאַט, אָ, ניין!
איך פאַרשטיי, ווען איינער פאָרט אַרום־רייזן, די וואַנדער־לוסט טרייבט
אים אַרום; ער וויל זען אַ וועלט; וויל זיך לערנען, יענעם לערנען —
שיין, גרויס. אָט בין איך שוין אויך געווען ניט איינמאָל אין אויסלאַנד.
אין פאַרשידענע לענדער, אָבער וואו איך בין ניט געווען — מיין היים
איז געווען מיין ראָדינע! רוסלאַנד! און אָט יענע זשידעקעס דאָרט, מיט

די זעק און פעק, מיט די פולע דראָזשקעס מיט פּיפּקעלעך, — ווארום רייסן זיי זיך ארויס פון זייערע נעסטן ? !

אַסיף: (דורך שטילע, ווארגנדיקע טרערן) עך, מיין פריינט! די פּאָדערסט פון אונדז אונדזער בלוט, אונדזערע כוחות; אָבער אונדזערע כוחות זענען שוין אויסגערונען, דער סאָק פון מארך אויסגעטרוקנט. מיר זענען, ווי א בוים, אַלע מאָל איבערגעזעצט אויף אַנדער ערד; די וואָרצלען זענען שוין אָפּגעשוואַכט, — און אפשר שוין גאָר אינגאַנצן פארפוילט. ווי לאַנג קאָן א מענטש קעמפן?.. און שלאָגן זיך — איז ביי זיך אין דר'היים אַן אָקולאָט שטרוי אויך א גבור.

יעפים: ניין, ניין, אָסיף, ניט דאָס. איר האָט א היים, פּונקט ווי יעדער פון אונדז, דערציי̈ל מיר ניט. דאָרט וואו איר זענט געבוירן, דאָרט איז אייער היים, אייער לאַנד, נאָר ווייל איר האָט ניט קיין גלויבן, האָב איך געזאָגט. וואָס איז איצט אייער אידעאַל? גאָרניט! גרינגע לעבערלעך זוכט איר זיך; געבראָטענע טייבעלעך זאָלן אייך פליען אין די מיילעכלעך, מיטן גרייטן מן וואָס זאָל אייך ווי אמאָל פאַלן פון הימל, אָט וואָס איר וואָלט א בעלן געווען.

פּנחס: אָ, אזוי רעדט דאָך שוין אייער ברודער אויך, פּאַניע.

יעפים: (צו אָסיפין פּאָרזעצנדיק) א שונא ליבט זיין געגנער, ווען ער שלאָגט זיך מיט אים, ווען ער האָט מורא פאר אים, ווען ער דאַרף זיך פאר אים היטן. אַנטלויפט ער אָבער — אזוי ווערט ער שוין א גאָרניט! אויף אַזעלכע שפּייט מען שוין גאָר אינגאַנצן... אַנטלויפן גאָר — פע !

פּנחס: (פאַר זיך) אַיי די תורה, די תורה: אַז זי זאָגט, טוב שבגוים... —

יעפים: (אָנגייענדיק) מענטשן פאָרן אוועק פאר געשעפט — פארשטענדלעך: פאָרן, קומען צוריק, דאָס הארץ איז שטענדיק אין דר'היים... אָבער זיי — אָט יענע זשידעקעס דאָרט, ווער ווייסט זיי שוין זען צוריק, א ?

פּנחס: אַליעקסאַנדראָוויטש! אַז מע ברייט זיך אָפּ אויף הייסן, בלאָזט מען אויף קאַלטן.

יעפים: (סאַרקאַסטיש) אויב אַזוי, גאָספּאָדין פּינקוס ראַבינאָוויטש, האָט איר שוין אפשר אויך צוגעגרייט אין קעשענע א פּאַספּאָרטל פאר „ווריעמיענאַוואָ אָטיעזדאַ", א ?

פ נ ח ס: (צורודערט) מייז, ווען זיי דערשמעקן א שרפה, פאר־לאָזן זיי אַלצדינג און לויפן אין דער וועלט אריין.

י ע פ י ם: (אויפגעברויזנט) זענט איר, הייסט עס, אויך מייז?! (מיט דער הויט האַסטיק אויפן קאָפּ) טפו!.. דאן זאָלט איר האָבן דעם סוף וואָס מייז האָבן!.. איך זוך מענטשן!.. (מיטן שטעקן אין דער פּאָדלאָגע) מענטשן מיט בלוט און מוט!.. מייז — טפון — ! — (ראַש אָפּ).

אָ ס י פּ: (בלייבט שטיין געדריקט, די אויגן צו דריערד).

פ נ ח ס: : (מיט פאַרלייגטע הענט, פול מיט צער) און, דאָס איז אונדזער „מליץ יושר״!!.. (צו אָסיפן) דיין „חבר״!.. דיין יעפים אַליעקסאַנדראָוויטש!..

פ אָ ר ה אַ נ ג

# אנטיילנעמער:

| | |
|---|---|
| מאַרקוס רעכטמאַן: (סטודענט) — — — — — | 25 יאָר אַלט. |
| סאָלאָמאָן: (זיין ברודער; קאָמערסאַנט) — | 20 " " |
| מאַניע: (זייער שוועסטער; בוכהאַלטערן) — | 18 " " |
| אייזיק: (דער פאָטער; אַ לערער) — — — | 50 " " |
| איטע: (די מוטער) — — — — — — — — — | 45 " " |
| שמואל רעכטמאַן: (אייזיקס ברודער; רב) — | 60 " " |
| חנה: (זיין פרוי) — — — — — — — — — | 38 " " |
| סאָניאַ: (זייער טאָכטער) — — — — — — | 20 " " |
| חייע־גיטל: (חנהיס פלימעניצע) — — — — | 17 " " |
| געצל: (חייע־גיטלס חתן) — — — — — — | 22 " " |
| דוניע: (סאָניאַס חבריטע) — — — — — — | 19 " " |
| קלמן פייערשטיין: (ראש הקהל) — — — — | 40 " " |
| ברוך: (זיין אינטימער חבר) — — — — — | 42 " " |

אידן:

פאָליציי:

פריסטאַוו:

קאָנוואָיניק:

קוריאַר:

פויערים:

פלאַץ — אַ קליינע שטאָט אין רוסלאַנד.

צייט — אַלעקסאַנדער דער דריטער.

# ערשטע בילד

(אַ באַלעבאַטישע, גרויסע עס־צימער ביי שמואלין אין הויז. אַלץ איז ציכטיק ריין. אין מיטן צימער — אַ ווייס־געשפרייטער טיש, אַרומגעשטעלט מיט שטולן. שוין אַפילו אַלטלעך, נאָר מיט פּלוש געדעקט. אויף די ווענט הייגען פאַר־שידענע פאַמיליען־בילדער און אויך בילדער פון רביים. און ערגעץ־וואו באַזונדער אויף אַ צווייטער וואַנט הייגט אַ גרוי־סע בילד פון וועלכער עס קוקט אַרונטער — אַלעקסאַנדער דער דריטער. — רעכטס, אַפּאָר פענצטער. צווישן דער קאָרי־דאָר־טיר און שרייב־צימער, אין דער מיט, ביי דער וואַנט, שטייט אַ קאָמאָד. אויפן קאָמאָד שטיין אויסגעשטעלט אויף אַ טאַץ — אַ ריין געפוצטער, מעשענער סאַמאָוואַר, פון ביידע זייטן זילבערנע לייכטער. די טיר פון שרייב־צימער — אָפן, מיט גאַרדינען האַלב־פאַרהאַנגען און ס׳איז צו זען דאָרט שטיין אַ טיש, בענקלעך און אַ שראַנק ביכער. — אַנטקעגן — צוויי טירן: רעכטס, אַ טיר צו אַ שלאָף־צימער, לינקס — צו דער קיך. אין דער מיט פון די צוויי טירן שטייט אַ געבעטעע קאַנאַפּע. — אין דער לינקער זייט — אַן אַריינגאַנג אין זאַל אַריין. די טיר איז אָפן און דורך די האַלב־פאַרהאַנגענע גאַר־דינען איז צו זען אַ פּיאַנע און באַלד ביים אַריינגאַנג אין זאַל שטייט אַ גרויסער שטייענדיקער שפּיגל).

**חנה:** (מיטעלן אויסזען, ריין אָנגעטאָן, טראָגט אַ שלייער. זיצט אַרום אַ פענצטער, וואָס אויף רעכטס. קוקט אַריין אין אַ ספר).

**שמואל:** (העכער פון מיטעלן וואוקס. זיין געדעכטע, לאַנגע, ווייסע באָרד, ערטערווייז נאָך מיט שוואַרצע האָר געמישט, פאַרדעקט כמעט אינגאַנצן זיין פּנים. טראָגט ברילן. איצט זענען זיי ביי אים אויפן שפּיץ נאָז. די יאַרמילקע פאַררוקט אויפן שפּיץ פון זיין האַלב־האָר־נאַקעטן קאָפּ, און אויף דער זייט, פון אונטער זיין אַטלאַסנער קאַפּאָטע שטעקן אים אַרויס די ציצית פון טלית־קטן. — זיצט ביים טיש, איז

שטאַרק פאַרטיפט אין לערנען. זינגט זיך שטילערהייד אַ גמרא־ניגונדל, שמעקט טאַבעקע, ניסט גאַנץ אָפט).

חייע-גיטל: (אַ טויבליך, אידיאַטיש מיידל. דאָס פּנים פול מיט פרישטשיקעס, איז זייער קאָמיש געקליידעט און אַזוי איז אויך איר גאַנצער אויסקוק. שטייט מיט אַ בעזים אין האַנט, זינגט עפּעס פאַר זיך אין דער שטיל; טרעט צו צום שפּיגל; אַווילע שפּעטער, צי חוהין) מומע! ווער איז דאָס געווען אין שפּיגל?

חנה: ווער? דער וואָס איז געשטאַנען לעבן אים.

~~חנה: (קוקט~~ אויף איר מיט באַדויערונג).

חייע-גיטל: מומע! וואָרום אַז איך וויל זען זיך, זע איך עפּעס אַן אַנדערע? קויפט אַנאַנדער שפּיגל.

חנה: (אַפּאַרט) אַזוי איז ווייזט אויס די וועלט: ווען איינער זעט פאַר זיך אַ צווייטן, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ זיינע אייגענע פעלערן, לאָזט ער זיך ניט דערקענען. אַ פאַלשער שפּיגל זאָגט ער...

חייע-גיטל: מומע! וועט איר קויפן אַנאַנדער שפּיגל?

חנה: קויפן אַנאַנדער שפּיגל, מיין קינד, ווען דאָס פּנים בלייבט דאָס זעלבע, מיינט אָפּנאַרן זיך אַליין. — גיי בעסער ראַם אַביסעלע צו.

חייע־גיטל: (שטייט, קוקט זינענלאָז. אָפּ. צולעצט. לאַנגזאַם אַן אַ זייט, טוט עפּעס).

חנה: (דורך אַ באַגלייטנדן, באַדויערנדן בליק. פאַר זיך) אומ-שולדיק, אומגליקליך קינד!.. דערקאָנסט זיך ניט... דאָס לעבן, אין געשטאַלט פון כוליגאַנעס, האָט פון דיר אַלעס אוועקגערויבט! אַלעס. אַלעס — דיינע עלטערן, דיין שיינקייט, דיין פאַרשטאַנד. — אַך, ווי גרויזאַם איז דאָס לעבן און ווי נישטיק איז דער מענטש! דער מענטש און דאָס לעבן... (ווישט זיך די אויגן, פּאַוזע). — שמואל!

שמואל: (שווייגט, לערנט).

חנה: (ווידער) שמואל!

שמואל: (מיט אַ געדיכט, גראָב קול מיטאַמאָל, ווי פון שלאָף) אַ? וואָס איז?

חנה: כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדן, עפּעס פרעגן.

שמואל: איז פּונקט דאַן ווען איך לערן, בין פאַרטיפט אין אַן ענין, איז ביי דיר רעכט איך זאָל מפסיק זיין, אַ?

חנה: מילא נו, באהיט גאָט פון ערגערס. — היינט געזען אייזיק'ן?

שמואל: אהאַ, מיינסט צו איך האָב ניט געהערט עפּעס וועגן זיין תכשיט'ל?

חנה: זאָל זיין אזוי. שטייט ער דיר ניט אָן? דיין אייגענער, דיין פּלימעניק...

שמואל: (ניט אָן כעס) מוחל! אזעלכע אייגענע מעגן זיצן אין דר' היים!

חנה: איי ביזטו א שלעכטער, אַן איינגעשפּארטער.

שמואל: א שלעכטער, אַ? אָ, ווען איך זאָל זיין א שלעכטער, אַן איינגעשפּארטער, וואָלטן אסך זאכן געווען פיל אנדערש ווי זיי זע- נען; אָ, גאָר אנדערש!

חנה: אָבער וואָס האָסטו צו מרדכי'ן?

שמואל: איך וויל אים ניט קאָנען, און פּטור!

חנה: דיר די קאַפּאָטע געקוילעט —

שמואל: (אָפּ פון טיש, די ברילן אויפ'ן שטערן, אין איין אָטעם) ווייל ער איז א רשע, אַן אפּיקורוס, א הולטיי, א גוי גמור!.. (מארשירט ארום).

חנה: יאָ, פּרעג־זשע אָבער שרה'קען.

שמואל: וואָס?.. שרה'קע איז נאָך א קינד! און א קינד על פּי דין...

חנה: שרה'קע איז שוין ניט קיין קינד. א מיידל, קיין עין הרע, פון אכצן יאָר.

שמואל: וואָס־זשע, פארשטייט איך מער פון מיר!

חנה: נאָר דו... נאָר דו האָסט דאָס רעכט איבער איר! און איך? זי?

שמואל: וואָס ווילסטו וואָס? ווילסט זי פארזאָרגן מיט א חתן, און מיט וועמען — מיט אים, מיט אָט־דעם...

חנה: שאַ, שאַ, שריי ניט. ס'וועט ניט זיין ווי דו ווילסט, ווי איך וויל —

שמואל: און איך זאָג אז ניין! איך האָב שוין פאר איר א חתן!

חנה: וועמען? דעם שבתי־צבי'ניק? אָט די פארמאַסקירטע

חיה, וואָס וואָלט צוליב זיין אייגענער טובה, און תאווה אַ וועלט אויסגעהרג׳עט?

שמואל: אַ, וואָס ווייסטו; קאָנסט אים?

חנה: און איך וויל אים ניט קאָנען!

שמואל: וואָס-זשע, האָסט שוין אויסגעמאָסטן זיין נשמה?

חנה: אהא, ווייל דו כאַפּסט ביי אים אַ גמילות-חסד׳ל.

שמואל: ניט איין גמילות חסד.

חנה: שמואל! איך וועל דאָס ניט דערלאָזן, דו הערסט! בי) ביזט טאָקע דער טאַטע, אָבער איך בין די מאַמע!

שמואל: חנה, ס׳ניטאָ וואָס דאָ צו רעדן. פאַר דעם כל־בוי׳ניק וועט שרה׳קע ניט חתונה האָבן!

חנה: און איך זאָג דיר, שמואל, אַז מרדכי׳ן ליבט זי און פאַר אים —

שמואל: אַ, אידענע, אידענע, וואָס רעדסטו!... נאָר אַז ס׳איז שוין יאָ געקומען צו־רייד, טאָ הער אוים: איך האָב ביז אַהער גע־שוויגן, אָבער איך זע אַז ס׳איז געקומען די צייט וואָס איך מוז דיר דערציילן עפּעס אַזעלכעס וואָס איז געווען ביז אַהער פאַר איטליכן אַ סוד. חנה! ווייסטו וועך עס גיט אונדז צום לעבן? ווייסטו צו וועמען אָט דאָס גאַנצע מעבל, מיט דעם אַלעמען באַלאַנגט? און ווייסטו וועך ס׳האָט פאַרלאַנגט, און מיך געצוואונגען, צו לערנען שרה׳קען, און געצאָלט פאַר איר שכר־לימוד? — דאָס האָט אָט דער שבתי-צבי׳ניק, אָט דער וועמען איר רופט „די מאַסקירטע חיה"...

חנה: (בלייבט זיצן מיט אַן אָפן מויל) אַ?!

שמואל: יאָ, חנה! דאָס אַלעס איז — קלמן! קלמן! —

סאָניע: (ווינטערדיק געקליידעט; אונטערן אָרעם — ביכער. לויפט אַריין באַלעבעט; צו חנה׳ן) מאַמעניו, מאַמעניו, מאַרקוס קומט!

חנה: (דורך פרייד) וואו — ווען?

סאָניע: אָט איז אַ טעלעגראַמע פון אים! (דערלאַנגט איר) אי דאָס איז שוין די טעלעגראַמע אביסל פאַרהאַלטן געוואָרן.

חנה: (לייענט).

שמואל: (שטייט פאַרטראַכט, פאַר זיך) אַ שטאָט מיט מענ־טשן קומען צו מיר זיך לערנען, פרעגן עצות און שאלות, און איך זיך אַליין... (אָפּ, געדריקט, צו זיך אין שרייב-צימער).

חנה: (לייענט איבער, האַלט אַן איבערלעבנדיקן בליק אויף סאָניען).

סאָניע: וואָס־זשע זיצסטו עפּעס אַזוי באַצאָרנט און פאַרוויינט, מאַמעניו? פרייט דיך ניט וואָס מאַרקוס קומט? אַך, מאַמעניו! אַט שטעל זיך נאָר פאָר ווען מאַרקוס וועט אויסהאַלטן עקזאַמען: מיר ביידע וועלן זיך דאַן אַוועקלאָזן צווישן די ברייטע מאַסן און פאַר זיי אונדזער בילדונג פאַרשפּרייטן. מיר ביידע וועלן דערקלערן דעם מענטשן ווער און וואָס ער איז. מיר וועלן אים עפענען די אויגן. מיר וועלן אים אויפווייזן, אַז דער מענטש און דאָס לעבן איז איינס. נאָכמער! דער מענטש אַליין איז דאָס לעבן!.. ער שאַפט דאָס און ער פאַרניכטעט עס. דו פאַרשטייסט, מאַמעניו? דאָס איז דאָך אַזוי איינפאַך. באַגרייף נאָר דעם מענטשנס מאַכט! וואָס פאַר אַ גן־עדן, ווי מחיה־דיק דאָס לעבן, די וועלט וואָלט געווען, ווען דער מענטש אַליין וואָלט דאָס נאָר געוואָלט. די וועלט איז דאָך ווי אַ בוים, וועלכן עס פעלט בלויז דער רעגן — די בילדונג מיין איך.

חנה: אַך, מיין טאָכטער, רעדסט ווי אַ קינד. דאָס שלעכטע וועסטו ניט אויסוואָרצלען... ווילסט זיך אַוועקלאָזן איבעראַנדערשן אַ וועלט... אַט האָסטו פאַר זיך דיין אייגענעם טאַטן, וואָס קאָנסטו מיט אים אויפטאָן? רעד מיט אים, איז ער דאָך דער גערעכטער. און אַזוי זענען אַלע: עקשנים!.. דאָס העכסטע וואָס דו קאָנסט, איז פּועל'ן יענער זאָל דיך אַמווייניקסטן אויסהערן. אָבער משנה זיין אַ מיינונג ביי וועמען, וועסטו קיינמאָל ניט. יעדער האָט זיך זיינע תניעות, מיט זיינע משוגעת'ן...

סאָניע: אָ, זאָג דאָס ניט, מאַמעניו. דער מענטש איז אַמאָל נאָך ערגער און ווילדער געווען.

חנה: זאָג ניט — געווען, מיין קינד; ער איז נאָך איצט אויך ניט בעסער. קיין זאַך, מיין טאָכטער, האָט זיך ניט געביטן. דאָס זע איך דערפון וואָס איך האָב ערשט דאָ אין ספר געלייענט, און דאָס איבעריקע דאַרף איך ווייט ניט גיין...(ווישט זיך אַן אויג).

סאָניע: מאַמעניו! דו וויינסט?.. וואָס באַדייט דאָס?

חנה: אַך, קינד'ניו, ווען קיין טרערן זאָלן זיך ניט גיסן, וואָלט דאָס האַרץ געפּלאַצט פון פאַרדראָס.

סאָניע: יאָ, אמת, מאַמעניו; טרערן זענען דער שפּיגל פון

דער נשמה; זיי זענען דער אויסגוס פון כעס און רחמנות, לײדן און פריידן; אָבער וואָס באַדייטן דיינע טרערן, מאַמעניו, וואָס באַצייכע־נען זיי?

חנה: אַך, מיין קינד, מיין קינד! ווען דו זעסט אַ מענטשן אין טרערן, דאַן בעסער פרעג אים ניט, ווייל דיין פרעגן וועט אים זיין ווייטיק ניט פאַרגרינגערן און זיך נאָך אפשר מער צעוויינען.

סאָלאָמאָן:, דוניע: (קומען אַריין. — ביידע אָנגעטאָן אַלס סטודענטן פון האַנדלס־שולע).

דוניע: (צו סאָניען) נו, וואָס שטייסטו? מיר וואַרטן דאָך פאַר דיר! — (צו חנהין) גוטן אָוונט!

סאָלאָמאָן: (קושט חנהין) אירט אפשר אויך מיט אונדז פאָרן, טאַנטע?

חנה: וואוהין?

דוניע: מאַרקוס'ן ווסטרעטשייען.

סאָניע: יאָ, יאָ, מאַמעניו, קום אויך מיט אונדז.

חנה: ווי קאָן איך פאָרן, מיין קינד? און צו וואָס איז דאָס פאָרן? מירן אים שוין מסתמא במילא פאַרשפּעטיקן. בלייב אפשר אויך אין דער היים.

סאָניע: אַ, פאַרשפּעטיקן? דאָס ביזטו טאַקע אפשר גערעכט.

חנה: נעמט, קינדער, שפּילט עפּעס.

סאָלאָמאָן: אַ, אַביסעלע מוזיק? נו, יאָ, קומט ווען מיר עפּעס שפּילן.

דוניע: און אפשר וועלן מיר אים נאָך פאָרט טרעפן? עפּעס מאַרקוס'ן ניט פאָרן ווסטריעטשאַיען (באַגעגענען)!

סאָלאָמאָן: (אַ קוק אויפן זייגער) דעם פּאָיעזד האָבן מיר שוין אָפּאָזדאַיעט, אומזיסט, דוניעטשקע, דאָס פאָרן.

דוניע: און איך האָב זיך אַזוי צוגעגרייט...

סאָלאָמאָן: מירן אים שוין אָבער ניט טרעפן. לאָמיר בעסער אַביסעלע שפּילן. שפּילן מוזיק! שפּילן און זיך פאַרגעסן דערפון וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען, וואָס דאָס לעבן קאָן שאַפן. — יאָ, טאַנטע, ווי אומגליקליך מיר זאָלן ניט זיין, דאָך זענען מיר גליקליך דערמיט, וואָס אין ביטערע מינוטן פון אונדזער לעבן קאָנען מיר כאָטש אויס־

גיסן אונדזערע ליידן דורך מוזיקאַלישע טענער; וואָס מיר קאָנען זיך כאָטש פאַר אַ ווײַלע פאַרגעסן אין דער ווירקלעכקייט און זיך פאַר־טראָגן אין אונדזערע אייגענע פאַנטאַסטישע וועלטן, זיסע טרוימען...

דוניע: אָבער וואָס העלפט דאָס פאַרגעסן זיך אין מאָמענ־טאַלע זיסע טרוימען, ווען די ביטערע ווירקלעכקייט וועקט אונדז אי־מער אויף צוריק?

סאָניע: אַ נאַרעלע, ווען מיר זאָלן זיך ניט קאָנען פאַרגעסן דורך אָט די בליץ־דורכגייענדע פאַנטאַזיעס, ווי אַזוי וואָלטן מיר געקאָנט דולדן די אייביקע אומרעכטן פון דער ווירקלעכקייט וואָס דאָס לעבן שאַפט?

סאָלאָמאָן: סאָניא! איך בין מיט דיר! לעבן זאָל די פאַנ־טאַזיע! — מוזיק!.. (אָפּ אין זאַל, צו דער פּיאַנע, נעמט אַפּאַר אַקאָרדן).

סאָניע: (אָפּ אין זעלבן צימער אַריין). נו, וואָס שפּילן מיר?

סאָלאָמאָן: לאָמיר שפּילן...

סאָניע: שאַ, מירן שפּילן דאָס, וואָס איך שפּיל תמיד פאַר מאַרקוס'ן.

סאָלאָמאָן: טשײַקאָווסקי'ס „נאַכט"? — (די מוזיק פון טשײַקאָווסקי, און די ווערטער פון יאַ. פּאָלאָנסקי).

סאָניע: געטראָפן. (שפּילן, זינגען: —)

“Отчего я люблю тебя, светлая ночь?
Так люблю, что страдая, любуюсь тобой!
И за что я люблю тебя, тихая ночь?
Ты не мне, ты другим посылаешь покой!“

(פאַרוואָס ליב איך דיך אַזוי, ליכטיקע נאַכט?
כ'ליב אַזוי, כאָטש איך לייד, דאָך איך ליב זיך אין דיר.
און פאַרוואָס האָב איך דיך ליב אַזוי, רואיקע נאַכט?
ניט פאַר מיר, נאָר פאַר אַנדערע רואיקייט דו שיקסט).

דוניא: (אָפּ צו די לעצטע, זינגט מיט).
חנה: (הערט זיך איין מיט געפיל, זינגט מיט שטילערהייד).
סאָניע, סאָלמאָן, דוניע: (זעצן פאָר די ליד).

“Что мне звезды, луна, небосклон, облака,
Этот свет, что скользя на холодный гранит,
Превращает в алмазы росинки цветка
И как путь золотой через море бежит!
Ночь! за что мне любить твой серебрянный свет?
Усладит ли он горечь скрываемых слез?
Даст ли жадному сердцу желанный ответ?
Разрешит ли сомнений тяжелый вопрос?
Сам не знаю, за что я люблю тебя, ночь,
Так люблю, что страдая, любуюсь тобой!..
Сам не знаю, за что я люблю тебя, ночь...
От того, может быть, что далек мой покой.“

(וואָס מיר שטערן, לבנה, הימל, וואָלקנס,
אָט דער גלאַנץ וואָס זיך גליטשנדיק אויפֿין קאַלטן גראַניט,
וואַנדלט איבער אין אַלמאַזן די טויעלעך פון בלום,
און לויפט איבערן ים ווי אַ גאָלדענער וועג!
נאַכט! פאַרוואָס זאָל איך ליבן דיין זילבער-ווייסן גלאַנץ?
וועט ער פאַרזיסן דאָס ביטערקייט אַ פאַרבאָרגענער טרער?
גיבן אַן ענטפער אַ פאַרלאַנגטן מיין זשעדנע האַרץ?
אויפלעזן צווייפל — אַ פראַגע אַ שווערער?
כווייס אַליין ניט, פאַרוואָס ליב איך האָב דיך אַזוי נאַכט,
כ'ליב דיך אַזוי, כאָטש איך לייד, דאָך איך ליב זיך אין דיר!
כווייס אַליין ניט, פאַרוואָס ליב איך האָב דיך אַזוי, נאַכט...
קאָן זיין, אפשר דערפאַר, וואָס ווייט אַוועק איז מיין רו).

(פויזע).

דוניאַ: (אַריין) מאַניאַ איז דאָ ניט געווען?

חנה: מאַניע? ניין, און אפשר, דאַכט זיך אַז יאָ, נאָר זי איז באַלד אַוועקגעגאַנגען.

דוניאַ: (דורך אַן אונטער-געדאַנק) איז דאָ קלמן אויך דאַמאָלט געווען?

חנה: איז גראַדע ניט געווען. נאָר וואָס קער זיך אָן קלמן מיט מאַניען, מאַניע מיט קלמן'ען?

דוניע: כ'וויים, מע זאָגט...

סאַלאָמאָן: (אַריינקומענדיק) „אַלזאָ, טאַנטע, איר'ט אונדז ענטשולדיקן. מיר דאַרפן נאָך ערגעץ גיין. — נו, דוניאשאַ!

דוניאַ: אָ, גאָר פאַרגעסן! מירן שוין באַלד דאָרט אויך פאַר־שפּעטיקן.

חנה: וואוהין איילט איר זיך אזוי?

דוניאַ: (דורך אַ שמייכל) אין ביבליאָטעק —

סאַלאָמאָן: (גלייכצייטיק, ווי זיך אַרויסכאַפּנדיק) פאָטאָ־גראַפּיעס אָפּנעמען...

דוניע: (אַ פּאַטש איבער די ליפּן, שפּאַסיק)ניע וורי (לייקן ניט)!

סאַלאָמאָן: אָ, אַז ס'איז שוין יאָ אזוי, — טאַנטע! אזוי ווי איך האָב געזאָגט!.. (לאַכט; אָפּ צו דער טיר) מיר קומען באַלד צוריק, ביז מאַרקוס וועט אָנקומען, וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. אַדיע. (אָפּ מיט דוניען).

חנה: (אַליין) „מע זאָגט"... קלמן מיט מאַניע'ן, מאַניע מיט קלמן'ען... מאַניע! ניין, עפּעס ניט פון אונדזער משפּחה, ניין, כ'וויים גאָרניט אין וועמען זי איז געראָטן, און אפשר — מאַלע וואָס „מע זאָגט"... (אָפּ אין אַ צווייטן חדר).

מאַניע: (שפּילט פאַר דער צייט מענדעלסאָנס „פרילינגס לידר" ענדיקט, קומט אַריין, טוט עפּעס, אונטערזינגענדיק די זעלבע מעלאָ־דיע; שטעלט אויס די שטולן אַרום טיש, פּילט זיך הומאָריסטיש גע־שטימט).

געצל: (קוקט אויס פונקט אַזוי קאָמיש ווי חייע־גיטל, היקעט אונטער, רעדט קינדעריש; קומט אַריין האַסטיק) וו־וואו איז ה־הייע־דיטל?

מאַניע: (שמייכלענדיק) האָסט, דאַכט זיך, עפּעס פאַרגעסן.

געצל: וו־וואָס איך פאַרדעסן? (לאָזט זיך גיין צוריק).

מאַניע: וואוהין־זשע גייסטו?

געצל: איך ד־דיי ב'־יינדען וואָס פאַ'דעסן.

מאַניע: דאַרפסט ניט גיין, האָסט דאָס מיט זיך.

געצל: וו־וואָס? (טאַפּט זיך אין די קעשענעס, קוקט אַרום זיך) וו־וואו?

סאַניע: ביי דיר אין מויל.

געצל: אין מ-מויל? (רוקט די הענט אין מויל, לויפט צום שפּיגל, קוקט זיך איין).

סאַניע: נו, געפינען?

געצל: י-יאָ, ד־דעפינען. אַ צ־צינד איך דעפינען.

סאַניע: נו, איז אַז דו האָסט אַ צונג, טאָ וואָרום־זשע האָסטו ניט געזאָגט וואָס מע דאַרף זאָגן ווען מע קומט אַריין שבת-נאָכט אין אַ אידיש הויז?

געצל: אָ! אַ ד־דיט מאָ׳דן!.. וו-או איז ה-הייע־דיטעלע, מ־מיין ט-טאָלע?

סאַניע: דאָרט אין קיך.

געצל: (לאָזט זיך גיין, איילנדיק).

סאַניע: וואַרט נאָר אַ ווײַלע, געצל, קום נאָר אַהער —

געצל: אַ, וו־ווייל זען מ-מיין ט־טאָלע! וו־ווייל ניט וו-אַ׳טן! (אָפּ אין קיך).

סאַניע: (פאַר זיך) „ווייל ניט וואַרטן“... יאָ, זייער ליבע איז דער אמת אַליין. אומגליקליכע, און דאָך גליקליכע. זיי איז גוט... גע-בענטשטע מענטשן... יאָ, גליקליך אין לעבן איז דער, וואָס האָט דאָס גליק צו זיין אַן אידיאָט.

חנה: (פון קיך) כאַ־כאַ-כאַ!..

סאַניע: וואָס לאַכסטו אַזוי געשמאַק, מאַמעניו?

חנה: (אַריינקומענדיק) געצל מיט זיין „באַלעדולע“: אַז זיין בעל-העגלה׳ס פערד ווערן „מענטשן“, וועלן מענטשן ווערן פערד. אַזוי האָט אים זיין באַלעבאָס איינגערעדט. נו, נו, וואָלסטו באַדאַרפט אים הערן רעדן. ווי ער האָט דאָס מורא אַז ער זאָל דער ערשטער ניט ווערן קיין פערד, ווייל ער שלאָפט מיט זיי שטענדיק אין שטאַל. —

קלמן: (העכער פון מיטעלן וואוקס, מאַסיווער קערפּער; דאָס געזיכט מיט אַ שיינער, בלאָנדער, רונדער באָרד; קוקט אויס פיל יונ־גער לויט די יאָרן. איז רייך און געשמאַקפול געקליידעט, האַלט זיך מאַיעסטעטיש. — קומט אַריין, שטעלט זיך אָפּ, גרוסט זיך פריינטליך צו סאַניען און פאַרביסן צו חנהין). רעב שמואל אין הויז?

חנה: (קורץ, גלייכגילטיק) יאָ, דאָרטן.

קלמן: (אָפּ, אין שרייב־צימער אַריין).

סאָניע: שטענדיק עפּעס נאָר אויף סודות.

חנה: (געדריקט) מסתמא קהל'שע עסקים.

סאָניע: (ווײַל עפּעס זאָגן, האַלט זיך אָפּ; דערפֿילן זיך בײדע אין אַ דערשלאָגענער שטימונג; קורצע פּאַוזע).

מאַניע: (קומט) אַ גוטע וואָך! (זײ ענטפֿערן איר) אונדזעריקע זענען דאָ ניטאָ?

חנה: ניין. סאָלאָמאָן איז דאָ ערשט געווען. מסתמא באַלד זײַן צוריק.

מאַניע: און מאַרקוס איז נאָך נישטאָ...

חנה: שוין מן-הסתם באַלד אָנקומען. — זיץ.

מאַניע: און... עפּעס האָב איך געוואָלט פֿרעגן... (האַלט אַן אויער צום שרײַב־צימער, — פֿונוואַנעט עס דערטראָגט זיך קלמן'ס קול).

חנה: (קוקט אויף איר פֿאַרשנדיק) נו, וואָס שטייסטו? טו זיך אויס, זיץ.

מאַניע: ווער רעדט דאָס דאָרט? אַזאַ קענטליכע שטימע.

חנה: ס'איז קלמן.

מאַניע: קלמן? (פֿאַרכאַפּט אַהין אַ קוק) ווערט יונגער פֿון טאָג צו טאָג, ניין?

חנה: און אַז יאָ איז וואָס?

מאַניע: ווער האָט דאָס מיר געזאָגט: אַז מענטשן, וואָס האַלטן זיך יונג, זענען גוטע מענטשן.

חנה: אויף צו וועלן גלויבן אַלעם וואָס „מע זאָגט"...

מאַניע: ס'איז אָבער אמת. וואָס דער קלמן טוט ניט אויף — וויפֿל צדקה ער צעטיילט: ווי אַ ביקור־חולים, ווי אַ ישיבה, אַ תלמוד תורה און... און וואָס ניט, איבעראַל האָט ער אַ חלק און אָ־מעטום איז ער דער ערשטער.

סאָניע: אָבער, מאַניע, ניט אַלעס וואָס גלאַנצט איז גאָלד.

מאַניע: און דאָך זענען אַזעלכע ווי קלמן די סטופּעס פֿון דער געזעלשאַפֿט. זײ האַלטן אויף דאָס גאַנצע בנין, דאָס גאַנצע לעבן.

סאָניע: אַ, מאַניע, רעדסט ווי אַ קינד. היפּאָקריטן — „די סטופּעס פֿון דער געזעלשאַפֿט"!

מאַניע: קלמן — אַ היפּאָקריט?! ער? דער וואָס צעטיילט

זיין געלט אויף רעכטס און לינקס? דער פון וועמעס האַנט עס האָלטן זיך אויף צענדליגער און צענדליגער נשמות!

סאָניע: מאַניא, מאַניאַ! און וויפל איז ער פאַלש!.. אָ, דערויף האָט ער שוין גראָדע שכל.

מאַניע: אויב אַזוי, ווייס איך ניט ווער ס'איז בעסער פאַר אים. און אפילו ווען אַזוי, איז נאָך אַליין בעסער אַ היפּאָקריט מיט אַ רייכן בייטל, איידער אַ גוטע נשמה און אַן אָרימע. פון'ם צווייטנס נשמה, ווי גוט זי זאָל ניט זיין, האָבן מיר גאָרניט. דער בייטל זאָגט דאָס וואָרט! (לאַכט).

סאָניע: און איך האָב אים פיינט. אַ גראָבער פליגל.

מאַניע: ווייל ער איז ניט געלערנט?

סאָניע: ליב איך דען ניט קיין פּראָסטע מענטשן? אָבער ער איז דאָך ביידע: אי אין בילדונג און נאָך מער אין כאַראַקטער.

מאַניע: קלמן — אַ שלעכטער? וואָס רעדסטו!

סאָניע: מוזט זיין שטאַרק פאַרליבט אין אים, ווי איך זע.

מאַניע: יאָ, אין זיין האַרץ! יעדער קאָן זיך פאַרליבן אין זיין האַרץ. ווען דאָס אויג זעט ווי ברייט און וואַרים זיין האַנט שטרעקט זיך צו דיר און דערלאַנגט דיר שטיצע צו יעדער צייט. ווער עס זעט דאָס ניט, אָבער איך זע דאָס שטענדיק. ווייל איך בין די ערשטע וועמעס אויגן עס לויפן אַרום איבער די ביכער, און וואו זיי שטעלן זיך ניט אָפּ, טרעפן זיי זיך איבעראַל מיט זיינע פאַזשערטוואָוואַניעס. און מיט זיין פּאָדיערזשקע (שטיצע).

קלמן: (אַריינקומענדיק, צו שמואלין) איך גלויב קוים, אַלעס ווענדט זיך נאָר אין אייך.

שמואל: (קומט אונטער הינטער קלמנ'ס פּלייצעס, נאָכגייענדיק) אין מיר? —

מאַניע: (שטעלט אָן די אויגן אויף קלמנ'ען, הערט זיך איין).

שמואל: (גלייכצייטיק, זעצט פאָר צו קלמנ'ען) און וואו איז גאָט?.. נאָר גאָרניט... אָם מ"ד יצא הדבר...

קלמן: יאָ, אָבער אַז מע וויל אַז גאָט זאָל העלפן, דאַרף מען דאָס ערשטע אַליין אויך ניט זיין פויל. ווי זאָגט מען דאָס?..

שמואל: דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטער כלל: סמך ב"ד ועשה טוב. —

מאניע: אַ גוטע וואָך, פעטער! — (נעמט נישט אַרונטער די אויגן פון קלמנען).

שמואל: (אַ רייב איין האַנט אין דער צווייטער) אָ, ס׳קאַצל קומט! ס׳מאַכט די משפחה?

מאניע: קלויבן זיך צו קומען אהער... כ׳מיין, זיי האָבן זיך געקליבן אהער צו גיין, האָב איך געמיינט זיי זענען שוין דאָ. —

חנה: (צו סאָניען) ווייסט שוין באַלד ניט וואָס זי רעדט. —

קלמן: (צו מאַניען) עפּעס נייס?

מאניע: יאָ, אין די ביכער — זייער פיל... ס׳ניטאָ דער טאָג ס׳זאָלן ניט צוקומען קיין נייע אַלמנות, נייע יתומים, נייע אָרימע לייט...

קלמן: און נייע געלטן, אַ? (לאַכט) —

חנה: (צו סאָניען) ווי ס׳נעמט פון אים ס׳אויג ניט אַראָפּ! —

מאניע: (איינצייטיק צו קלמן׳ען) אָ, דערויף איז שטענדיק אַ דעפיציט. ניטאָ די הערצער דערויף... איך — איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, ה״ר קלמן, ווען ניט איר...

קלמן: נו, נו, וואָס איז איך? איך טו בלויז די פליכט וואָס יעדער איינער דאַרף טאָן. אַ חוב צו דער מענטשהייט... העלפן! העלפן יעדן ווער עס שטרעקט נאָר אויס צו דיר די האַנט. יאָ, פון דעם כלל האַלט איך: כל הפושט יד נותנים לו. — ריכטיק געזאָגט, רעב שמואל?

שמואל: יאָ נו, צדקה תציל ממות... (פאַר זיך) „רעדט שיין״.

סאָניע: (צו דער זעלבער צייט, צו חנה׳ן) קום אַוועק, מאַמע. דעם היפּאָקריט׳ס רייד שניידן מיר מיין אויער. פאַלשע ווערטער זע־נען פּונקט ווי פאַלשע טענער. (אָפּ, אין אַ צווייטן צימער).

חנה: (צו מאַניען) קום נאָר אַריין, כ׳וויל דיך עפּעס פרעגן.

מאניע: אַ סוד?

חנה: (דורך שפּאַס און ערנסט געמישט) ווער ווייסט... אפשר איז שוין ניט קיין סוד... קום. (אָפּ, מיט מאַניען).

שמואל: אפשר מאַכן אַ לחיים, ה״ר קלמן? קומט אהער (טרעט צו צום טיש, גיסט אָן אַ גלעזל משקה).

קלמן: מם... ה״ר שמואל... איר ווייסט דאָך מסתמא... הייַנט איז שוין דער לעצטער טערמין.

שמואל: פון׳ם וועקסל?.. יאָ, איך ווייס... אָבער ר׳ קלמן... איר פארשטייט דאָך...

קלמן: אָ, ס׳מאַכט ניט, ס׳מאַכט ניט. כמיין ניט אַז איר מוזט מיר טאַקע שוין גיבן; איך דערמאָן אייך בלויז, אָבער איך מאָהן אייך ניט, חלילה, פאַרקערט, אויב איר זענט פאַראיינגט אין געלט, וועל איך אייך נאָך אויסלייען —

שמואל: יאָ?

קלמן: און איר פאַרשטייט דאָך... וואָס ז׳שייך צו זאָגן... ווען ס׳וועט זיין ווי מיר האָבן גערעדט, גיב איך אייך די אַלע וועקסלען צוריק. און וויפל אירט דאַרפן — וואָס ז׳שייך צו זאָגן.

שמואל: אַזוי... אַזוי... (האַלב אין פאַרלעגנהייט, האַלב אונטערשמייכלענדיק) ר׳ קלמן... אַ טייערער מענטש זענט איר... (וויל אים נאָך עפּעס זאָגן, האַלט זיך אָפּ; אונטערשטאַמלענדיק) ר׳ קלמן... אפשר... — נו, טרינקט.

קלמן: (אונטערכאַפּנדיק) איר דאַרפט אַ פּאָר רובל?

שמואל: ... י-יאָ, ר׳ קלמן, איך בין דאָך אַזאַ נצרך... איר קאָנט זיך גאָרניט מאָלן. ווי זאָגט מען: השכר מעט וצרכינו מרובים.

קלמן: אָך, מיטן גרעסטן כבוד! מיטן גרעסטן כבוד, ר׳ שמואל. (נעמט אַרויס געלט) אָט דאָ שרייבט בלויז אונטער. (דערלאַנגט אים אַ וועקסל).

מאַניע: (לאָזט זיך אַריינקומען, שטעלט זיך אָפּ, הערט זיך איין). —

שמואל: (שרייבט אונטער דאָס וועקסל).

קלמן: (מאַרשירט אַרום טריאומפאַליש).

שמואל: איצט מ׳מיר מאַכן אַ לחיים. לחיים טובים ולשלום, ר׳ קלמן; אינגיכן ביי אייך אויף תנאים.

קלמן: דאָס מיינט אויך ביי אייך... כ׳מיין... —

מאַניע: (פאַר זיך) וואָס?

חנה: (פון אַ צווייטן צימער, רופנדיק) מאַניע! וואו ביזטו? —

שמואל: (גלייכצייטיק), צו קלמניען) לאָמיר האָפן, לאָמיר האָפן... איך האָב דאָך שוין געזאָגט: אם מ״ד יצא הדבר... — לחיים. (טרינקט). —

חנה: (ווי פריער) מאַניע!

קלמן: (צו דער זעלבער צייט, אפּאַרט) ע, דער אַלטער פּאַנ־פעט אונטער. (לויט) יאָ, אמת, ר׳ שמואל, אָבער אי׳ך האָב דאָך אויך געזאָגט — ווען מע וויל אז גאָט זאָל העלפן, דאַרף מען אַליין אויך ניט זיין פויל.

שמואל: (אונטערברעכנדיק, בכיון) אַ טייער ביסעלע משקה, נעמט פאַרזוכט.

קלמן: (אַ קלוגן שמייכל, טרינקט; פאַרכלינעט זיך).

שמואל: אַ גוט ביסעלע י״ש, אמת?

קלמן: פּס!.. וואָס פאַרא ברענענדיקער ספּירט! רייסט מיט סטינאַטים. ניינציק גראַדאָווע?

שמואל: לאָזט זיך פילן, אַ?

קלמן: מיר דאָס מויל צעברענט. — מם, ווי איך זע איז ביי אייך דער טיש געגרייט פאַר געסט. איר דערוואַרט עמיצן?

שמואל: יאָ, ווייס איך... מיין איזיקס „תכשיט" קומט. כ׳ווייס דאָרט פונוואַנעט -- פון פּיטערבאַרג. נו, איז ביי זיי אַ גדולה. יוּאָרום ווייס איך אַפילו ניט, נאָר מילא, מ׳קאָן דאָך שוין אויף אַזוי פיל שלעכט ניט זיין, נו...

קלמן: אַ... (אַ קוק אויפן זייגער) מ׳דאַרף גיין.

שמואל: וואָס איילט איר זיך אַזוי?

קלמן: ס׳הייסט וואָס? געשעפט. — אַלזאָ, האָט מיר אַ גוטע נאַכט, און אויב איר׳ט דאַרפן נאָך אַ פאָר רובל, ווייסט איר דאָך: ז׳דאָך ניט שייך. — אַ גוטע וואָך! (דריקן זיך פריינטליך די הענט; קלמן אָפּ צו דער טיר, צופרידן. — באַגעגנט זיך מיט ברודין).

ברוך: (אויף גיך) אַ גוטע וואָך. (צום לעצטן, צוטראָגן און שטיל). נו?..

קלמן: קום איך׳ל דיר שוין דערציילן. קיין סאָלדאַט וועט ער שוין ניט זיין.

ברוך: אוי, מאריך ימים ושנים זאָלסטו מיר זיין!.. טאַקע?!

שמואל: (שטייט פון ווייטן, האַלט פון דאָרט דאָס אויג מיטן אויער אָנגעשפּיצט צו זייער געשפּרעך; דורך אַ ווייכן בליק אויף קלמניען, פאַר זיך) אַ מזג טוב! אַלע צו אים מיט טובות. —

קלמן: (בתוכם, צו ברודין) פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר, עפּעס זענען מיר דאָך חברים, טאָווארישטשי! און אז איך בעט אויס

איז ווייך צו ליגן, ווייסטו דאָך. נאָר דערוויילע דאַרף דאָס זיין פּתח
שין — שאַ.

ב ר ו ך : (עפנט אויף פאַר אים די טיר, — און פאַר פרייד זאָגט
ער אַפילו ניט קיין גוטע נאַכט, — אָפּ, מיט קלמניען).

ש מ ו א ל : (זעצט זיך אַוועק ביים טיש, גלעט זיך די באָרד,
טראַכט: פאַר זיך) יאָ, דער קלמן שטעלט זיך ארויס פאַר א דימענט.
געלט איז ביי אים גאָרניט. א וואָרט — און שוין איז ביי אים דאָס
בייטעלע אָפּן. כאָטש איך פאַרשטיי אפילו זיין כוונה, ניט קיין אומזיס־
טיקע טובות, אָבער דערווייל העלפט ער דאָך, איי, וואָס וועט זיין
טאָמער שטעלט זי זיך אַוועק פּאָפּערעק?.. מוז מען זען עפּעס טאָן
דערין. יאָ, שוין אביסעלע צופיל ביי אים אין זאַק. — (רופט) שרה׳־
קעלע!

ס אָ נ י ע : (פון אַ צווייטן צימער) רופסט מיך, טאַטע?

ש מ ו א ל : יאָ, מיין קינד, קום אהער.

ס אָ נ י ע : (לויפט אַריין, אויף שנעל) וואָס איז, טאַטע?

ש מ ו א ל : זעץ זיך אנידער, שרה׳קעלע; כ׳דאַרף מיט דיר עפּעס
רעדן.

ס אָ נ י ע : כ׳האָב איצט קיין צייט ניט.

ש מ ו א ל : מאַך־זשע זיך ניט נאַריש, מיין קינד. ס׳איז וויכטיק,
פאַרשטייסט?

ס אָ נ י ע : וואָס ביי עמיצן קאָן הייסן וויכטיק...

ש מ ו א ל : זעץ זיך פריער אנידער און הער מיך אויסעט, וועס־
טו שוין אַליין זען אז ס׳איז פאַר דיר אויך פונקט אזוי וויכטיק ווי
פאַר מיר, און אפשר נאָך מער.

ס אָ נ י ע : (אַפּאַרט) ס׳הויבט זיך שוין אָן... (זעצט זיך, ניט
גערן).

ש מ ו א ל : שרה׳קעלע... הער אויס, ביזט דאָך ניט קיין נאַריש
קינד, איאָ?

ס אָ נ י ע : מאַך מיר ווייניקער חן׳דעלעך און מאַך עס בעסער
בקיצור; כ׳האָב קיין צייט ניט.

ש מ ו א ל : איך וויל דו זאָלסט מיך פאַרשטיין, מיין טאָכטער.
דו ווייסט אז איך בין דיין טאַטע, און ווייס שטענדיק וואָס איך טו.

און איך בין דיר מבטיח, אז מיין קינד, מיין בת־יחידה׳קעלע, וועל איך מסתמא ניט וועלן טאָן קיין רעה.

סאָניע: אַ, צו וואָס טויגן די הקדמות?

שמואל: צו די בלינציעס, כאַ־כאַ־כאַ... אָן הקדמות וואָס פאַר אַ טעם וואָלטן די בלינציעס געהאַט? די הקדמה פון יעדער ענין, דאָס זענען די אויגן דורך וועלכע דער עיקר קוקט ארויס. אָן עיקר אָן אַ הקדמה, איז ווי אַ פּנים אָן אויגן. דער עיקר פון׳ם עיקר איז ראשית כל די הקדמה, פאַרשטייסט? נאָר מילא, אַזוי ווי די צייט איז קורץ. און טאָמער קומט ווער אָן, וועל איך שוין מוזן אָנהויבן פון׳ם עיקר גופא.

סאָניע: (אומגעדולדיק) נו, נו, לאָמיך שוין הערן.

שמואל: אַז קלמן איז דאָ געוועזן, האָסטו דאָך געזען.

סאָניע: איז וואָס?

שמואל: (גלאַסן) האָט אַ שידוך פאַר דיר, מיין טאָכטער.

סאָניע: אַך, טאַטע, לאָז צורו מיט שידוכים, איך בעט דיך.

שמואל: לאָז־זשע זיך רעדן, שוויבעלע, סירנעקל... ווייסט דאָך נאָך אפילו ניט וואָס פאַר אַ שידוך.

סאָניע: כ׳שטעל זיך שוין פאָר.

שמואל: ניין, שרה׳קעלע, קאָנסט זיך גאָרניט פאָרשטעלן. ער אַליין איז טאַקע —

סאָניע: קלמן?! (וויל אים נאָך עפּעס זאָגן, האַלט זיך אָפּ).

שמואל: איך פאַרשטיי ניט, מיין קינד; מילא, אַז ער איז אַביסעלע עלטער, איז וואָס? דערפאַר איז ער דאָך אָבער רייך. פראַ־מינענט. דו וועסט דאָך זיין...

סאָניע: טאַטע!.. ס׳קאָן ניט זיין!

שמואל: וואָרום?

סאָניע: ס׳קאָן ניט זיין — און שוין!

שמואל: פאָרט, פאַרוואָס?

סאָניע: ווייל... אַ, דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין.

שמואל: וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער?

סאָניע: (שווייגט).

שמואל: הער אויס, מיין חוב איז געוועזן דיר צו זאָגן, נאָר וועסטו מיך ניט פאָלגן...

סאַניע: ווערסטו מיך צווינגען, יאָ?!

שמואל: (עטוואָס ווייכער) אויב דו וועסט מיך ברייגגען דערצו —

סאַניע: וואָס מיינסטו דערמיט?

שמואל: אז דו לאָזט זיך ניט רעדן.

סאַניע: נו, נו, לאָמיך שוין הערן.

שמואל: אז מיינע פּאַרדינסטן קלעקן מיר קוים אויף אַ מי־צאי, ווייסטו דאָך,

סאַניע: נו?

שמואל: האָב איך געמוזט לייהען ביי קלמנ׳ען געלט... און ווען ניט ער, וואָלטן מיר באַדאַרפט פון הונגער אויסגיין.

סאַניע: וואָס־זשע בין איך דאָ שולדיק?

שמואל: אמת, בין איך שולדיק?

סאַניע: טאַטע!

שמואל: הער־זשע אויס... האָט מיר קלמן די גאַנצע צייט געליהען געלט... און אפילו... און איצט בין איך אין חובות ביז איי־בערן קאָפּ.

סאַניע: וואָס־זשע ווילסטו זאָל איך טאָן? וועל איך גיין אַרבעטן און דיר העלפן —

שמואל: וואָס? דו — אַרבעטן?

סאַניע: איז וואָס?

שמואל: ניין, ניין; ניט דאָס מיין איך. מיין טעכטערל ט׳גיין אַרבעטן? אַ שיין פּנים, נו... ווער בין איך עפּעס...

סאַניע: וואָס־זשע דען ווילסטו?

שמואל: הער־זשע אויסעט... קלמן האָט מיר בפּרוש געזאָגט, אַז ער וועט מיר אומקערן צוריק אַלע וועקסלען און אונדז שטענדיק העלפן, נאָר געוויינליך, בתנאי, אַז דו זאָלסט מיט אים —

סאַניע: חתונה האָבן, אַ?!

שמואל: עפּעס אַ קרומע זאַך?

סאַניע: ניין, גלייך! אַז דו קאָנסט אַליין בהרחבה ניט פאַר־דינען דיין ברויט, ניט אָנצוקומען קליאַנטשען ביי יענעם, דאַרף איך זיך מפקיר זיין, מקריב זיין... זייער אַ גלייכע זאַך! מע קאָן ניט זאָגן, כ׳לעבן... פאַרשטייסט, איך זאָל זיך פאַרקויפן מיט מיין גוף, מיט

מיין נשמה, אט פונקט ווי איך וואָלט געוועזן עפּעס א שמאטקעלע!

שמואל: וואָס-זשע זאָל איך טאָן?

סאָניע: גישטאָ קיין שרה'קע, טאטע; וואָס וואָלסטו געטאָן?

שמואל: איי־איי, היינטיקע קינדער!

סאָניע: זיך פאַרקויפן פאַר זיין געלט!

שמואל: מיין קינד! גלויב מיר אז איך וואָלט דאָס אפשר אליין אויך ניט געוואָלט, אָבער...

בֿעזר

סאָניע: אָבער וואָס?

מאַניע: (לאָזט זיך אַריינקומען, כאַפּט אַ פּאָר ווערטער, ציט זיך צוריק, שטייט דאָרט אונבאַמערקט). —

שמואל: (צו סאָניען) אָבער נויט ברעכט אייזן. קלמן וויל דיך פאַר א כלה —

סאָניע: דאָס, טאטע, וועט ניט זיין!

שמואל: מיין קינד, קלמן איז דאָ מער בעל-הבית ווי איך. ער האָט דאָ די דעה —

סאָניע: וואָס?!

שמואל: קיין פלעקל איז דאָך דאָ אפילו ניט מיינס. אפילו..

סאָניע: טאטע!.. זאָל זיך זיין וואָס עס וויל זיך! נאָר דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין! עס וועט ניט זיין, ווייל —

שמואל: ווייל וואָס?

סאָניע: (שווייגט; זיצט ליידנדיק, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט אויפן טיש).

שמואל: אך, וואָס פאַר אַ אומגליק, וואָס פאַר אַן אומגליק!.. היינטיקע קינדער!.. (מאַרשירט ארום; פלוצים) ווער שטייט עס דאָרט?

מאַניע: (צוטומלט) מ-מיין ראַדיקול אַרונטערגעפאַלן... אַ גוטע נאַכט... (אָפּ צו דער קאָרידאָר-טיר, טרעפט זיך דאָרט מיט — איטעין, אייזיקין און סאָלאָמאָנען).

שמואל: (פאַר זיך) אהאַ, ס'קאָצל קומט. געשיקט נאָך זיי.

אייזיק: (אַן איידעלער, אינטעליגענטער מאַן. שוין גרויליך, די באָרד און די האָר פון קאָפּ קורץ געשוירן. טראָגט אַ שליאַפּע, פּענסנע. — באַלעבט) נו, נאָך ניטאָ?

סאָניע: (אָפּ פון טיש, גייט זיי אַנטקעגן; צושטרייערנדיק זיך) ניין; וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

אימע: (צו מאַניען) וואוהין איז?

מאַניע: כ'דאַרף ערגעץ צוגיין.

אימע: אַ ספּיעשקע?

מאַניע: פּאָ דיעלו, מאַמאָטשקאַ.

אימע: נישקאָשע, מעגסט אויף היינטיקן אויפדערנאַכט פאַרבויגן דיינע דיעלאָס (געשעפטן).

סאָניע: (טרעט צו צו זיי, פירן אין דער שטיל אַ געשפּרעך. האַמפּערן זיך פאַר אַ ווײַלע, נאָכער רעדן זיי שוין געלאַסן).

חנה: (אַריין) אָ, געסט!

אייזיק: לויט דער טעלעגראַמע וואָלט ער שוין באַדאַרפט זיין. (קוקט אויפן זייגער).

אימע: יאָ, לאָזט זיך וואַרטן.

חנה: מילאַ, טוט זיך אויס, און קומט דערווייל צום טיש. — שטאַרק קאַלט?

אייזיק: (ווישט אויס זיינע אויגן-גלעזער) אַביסעלע נאָכגעלאָזן.

חנה: גיין אַריינברענגען אַביסל וואַרעמס.

סאָלאָמאָן: אַ גלעזעלע טיי, אַ?

חנה: יאָ, שלומה'ניו.

סאָלאָמאָן: אָבער מיט אַסך וואַרעניע. (זינגט) „טשאַי, טשאַי, טע מאַי טשאַי",

חנה: מאַרעלן איינגעמאַכטס...

אימע: אַ נאַשער!

חנה: זאָל ער נאַשן ווייל עס לאָזט זיך. (נעמט צו פון זיי די מלבושים, אָפּ).

שמואל: (נאָך אַ קורצער פּאַוזע) זאָגט נאָר, כ'וואָלט געוואָלט וויסן, פאַרוואָס אז מרדכי קומט צופאָרן, איז עפּעס גלייך אַהער?

אימע: אַ פרעמדער?

אייזיק: אַהין וואו מ'איז אויסגעוואַקסן, אַהין ציט עס.

שמואל: האָט דאָך אים געקאָנט ציען צו אייך.

אייזיק: וואָס פאַרשטייסטו ניט; אַ פּשוט'ע חקירה: ער האָט ליב שרה'קען, זי — אים...

שמואל: האָבן זיך ליב?

אייזיק: הערסט אַן איינפאַל; וואָס דען, זאָלן זיך פיינט האָבן? פאַרוואָס? גאַנץ פּשוט: איינגן בלוט—און—פלייש, געוואַקסן צוזאַמען, געלערנט צוזאַמען — ביינקט מען איינס נאָכן אַנדערן. עט, נאַריש־קייטן. וואָס זאָגסטו ניט בעסער צו די נייסן אָט־דאָ־אָ. —

חנה: (ברייינגט אַריין טיי, שטעלט אַוועק אויפן טיש, גייט צו־ריק אין קיך).

מאַניע: מאַמעניו, דו זיץ; איך'ל אַליין דערלאַנגען.

חנה: נו גוט; העלף צו אַביסעלע, וועט זיין גיכער. (אָפּ, מיט מאַניען, אין קיך).

שמואל: (גלייכצייטיק, צו אייזיקן) וואָס פאַר נייסן?

אייזיק: מע וויל דאָך פאַרקלענערן די פּראָצענטנע נאָרמע פאַר אידן אין אוניווערזיטעט!

שמואל: ווידער אַן אומגליק: געזונטער זיין.

איטע: מיט וואָס? —

סאַלאָמאָן: (נעמט די צייטונג פון אייזיקן, קוקט אַריין).

מאַניע: (זיצט ביים טיש, טרינקט טיי; קוקט אַריין אין אַ בוך). —

שמואל: (איינצייטיק, צו איטען) מיט וואָס? ווייל דאַמאָלט וואָלטן אידן מער תורה געלערנט, בעסערע אידן געווען; וואָלטן פאַר־שטאַנען בעסער זייער גאָט, זייער פאָלק, זייער תורה און בכן וואָלטן אויך יודיניקער פאַגראָמען געווען. יאָ, יאָ, וואָרום, מיינט איר דען, מאַכט מען פאָגראָמען? אַלץ דערפאַר: דאָס שטראָפט גאָט די אַפּי־קורסים!

מאַניע: בלויז די אַפּיקורסים? טאָ וואָרום־זשע האָט מען דאַ־מאָלט ביי אייך אויך אויסגעקלאַפּט די טאַפּליעס?

סאַלאָמאָן: און וואָרום האָט מען אייך דאַמאָלט אויך גע־טראָטן אין דער בלאָטע — מיט אייער ספר תורה אין דער האַנט?

איטע: און וואָרום טאָרן קיין ערליכע אידן אויך ניט וואוי־נען אין די דערפער?

אײזיק: און װאָרום װערן שולדיקע באַפרײט, און אומשולדיקע באַשטראָפט?
שמואל: װײל כל ישראל ערבים זה בזה.
אײזיק: נײן, ברודער, נײן, ניט דאָס איז די סיבה. דער ענטפער איז: פאַנאַטיזם!! פאַנאַטיזם! אָט-װאָס (מיט אַ פינגער אויף אַלעקסאַנדער׳ס בילד) אָט איז ער, זעסט!
שמואל: עט, װאָס איז דאָ מיט אַזעלכע װי איר צו רעדן. (אָפּ, האַסטיק, צו זײַן צימער).
אַלע: (לאַנג שטיל, קורצע פּאַוזע).
מאַרקוס: (געקלײדעט אַלס עקסטערניק; קומט אַרײַן לאַנגזאַם, נידערגעשלאָגן, און זײער מעלאַנכאָליש).
איטע: (װי נאָר זי דערזעעט אים) מרדכי!.. (טומלונג).
אײזיק: מאַרקוס!
מאַרקוס: (באַציט זיך צו אַלעמען גלײַכגילטיק).
איטע: װאָרום אַזוי שפּעט, מרדכי׳ניו?
מאַרקוס: פאַרשפּעטיקט. —
שמואל: (לאָזט זיך אַרײַנקומען, באַמערקט מאַרקוס׳ן — פאַרשװינדט צוריק).
אײזיק: װאָס פאַר אַ ראַזניצע? שפּעט, פרי — אַבי ער איז דאָ.
סאַלאָמאָן: װען ביזטו אַרויסגעפאָרן?
מאַרקוס: (ענטפערט ניט, קוקט אָן אַ זײַט).
סאַלאָמאָן, מאַניע: (אָפּ אָן אַ װינקל, רעדן שטיל).
איטע: מרדכי׳ניו! װאָס קוקסטו אויס, מײַן זון, אַזוי סמוטנע. באַצאָרנט?
מאַרקוס: מאַמעניו!.. (דרײט זיך אַװעק אָן װערטער).
אײזיק: (טרעט צו צו אים; ערנסט, שטיל) מאַרקוס... ניט אויסגעהאַלטן?
מאַרקוס: נ-נײן.
אײזיק: װאָרום?
מאַרקוס: װײל דו הײסט „אײזיק", און איך „מרדכי" — פאַרשטאַנען?
אײזיק: (אָפּ פון אים, געשלאָגן).

סאַלאָמאָן, מאַניע: (אָפּ אין אַ צווייטן חדר).

חנה: (אַריין) אָ, מרדכי! מרדכי!... אַ גאַסט, אַ גאַסט!

מאַרקוס: (שטרעקט איר וואַרעם די האַנט).

סאָניע: (לויפט אַריין פול מיט פרייד) מאַרקוס!.. (וויל איס אומאַרעמען).

אַלע: (בלייבן שטיין נידערגעשלאָגן, דערפילן זיך זייער אומאַגנענעם).

אייזיק, איטע, חנה: (רעדן שטיל צווישן זיך).

סאָניע: מאַרקוס... וואָס עפּעס פאַר אַזאַ אינדיפערענטיזם? אַזוי פלעגמאַטיש —

מאַרקוס: אַך, סאָניעטשקאַ! בעסער פרעג מיך איצט ניט. איך בין איצט ניט געקומען פאַר קיין וויזיטן. איך בין בלויז געקומען אַ קוק טאָן וואָס דו, וואָס איר אַלע טוען — און דאָס אַלעס. (לאָזט זיך גיין).

סאָניע: (נעמט אים אַרום, ליידנדיק) אָבער, מאַרקוס, וואָרום ביזטו אַזוי פאַרצווייפלט, פאַרדראָסיק?

מאַרקוס: סאָניעטשקאַ! לאָז מיך בעסער איצט אַליין. וויפיל איך פיל ווי איך וואָלט איצט דעם טייוול אַליין געקאָנט דעם קאָפּ אַרונטעררייסן. איך פיל ווי מיין גאַנצע נשמה און מיין יעדער אבר איז צעריסן אויף שטיקער און מיט די פיס צעטראָטן.

סאָניע: אָבער וואָרום, מאַרקוס?

מאַרקוס: כ'וויים ניט, כ'וויים ניט! פרעג מיין פּאַפּאַ, פרעג דיין פּאַפּאַ... פרעג זיי — אויב דו ווילסט וויסן. (דרייט זיך אַוועק, פול מיט פייער).

סאָניע: (צו אייזיקן) אָנקל! וואָס האָט פּאַסירט?

אייזיק: (אויפן אויער) סריעזשיט אַלס איד.

סאָניע: (בלייבט שטיין דערשלאָגן; אָפּ אין אַ ווינקל, וויינט שטיל).

חנה: טו נאָר אַ קוק ווי מע שטייט דאָס, פּונקט ווי אויף דער פּור. זעצט זיך אוים, טרינקט עפּעס, פאַרבייסט עפּעס. מילא, אַז ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, טאַ וואָס קאָן מען זיך העלפן? מיט קיין בליפען, זאָרג און טרערן קאָן מען קיין אומגליק ניט פאַרטרייבן. (אירע רייד ווירקן).

אַ ל ע: (חוץ מאַרקוס'ן און סאָניע'ן, — זעצן זיך אויס אַרום טיש; עסן, טרינקען און רעדן צווישן זיך).

מ אַ ר ק ו ס: (גייט צו צו סאָניע'ן, פאַרביטערט; נעמט זי אַרום) סאָניעטשקאַ!.. נו, גענוג. וועק ניט מיינע לײדן, און ראַסטראָיִע ניט זיך. איך בעט דיך, לאָמיר צוזאַמענגעמען אַלע אונדזערע קרעפטן און קעמפן. קעמפן ביז מיר וועלן זיך פון דעם אַלץ ארויסרייסן.

ס אָ נ י ע: אַך, מאַרקוס... איך פיל ווי דאָס פייער פון מיינע זיסע האָפענונגען און פאַנטאַזיעס הויבן זיך אָן אויסצולעשן. מאַרקוס, וואָס קאָנען מיר איצט טאָן, מאַרקוס?

מ אַ ר ק ו ס: וואָס איז דאָס אַזעלכער, וואָס לעשט אויך אין דיר דאָס פייער פון דיינע פאַנטאַזיעס, סאָניטשקאַ? זאָג, איך וועל אַלץ טאָן.

ס אָ נ י ע: (וויל אים עפּעס זאָגן, האַלט זיך אָפּ) ניין, מאַרקוס, ניין. איך קען דיר גאָרניט דערקלערן. עס וועט דיר ווי טאָן. איך קאָן נים, מאַרקוס, איך קאָן נים.

מ אַ ר ק ו ס: סאָניעטשקאַ! איך בעט דיך, זאָג. אפשר ביידע צוזאַמען וועלן מיר פאַרט געפינען אַן אויסוועג.

ס אָ נ י ע: מאַרקוס...

מ אַ ר ק ו ס: סאָניעטשקאַ! איך בעט דיך.

ס אָ נ י ע: מיין פּאַפּאַ...

מ אַ ר ק ו ס: נו?

ס אָ נ י ע: כ'זאָל הייראַטן פאַר קלמנ'ען —

מ אַ ר ק ו ס: (פּלאַצט אויס אין אַ שמערצליכן געלעכטער).

ס אָ נ י ע: (שטייט געדריקט, ווישט אַרונטער אַ טרער).

מ אַ ר ק ו ס: (מאַרשירט אַרום) שוין באַשטימט?

ס אָ נ י ע: כמעט.

מ אַ ר ק ו ס: וואָרום עפּעס גאָר קלמנ'ען?

ס אָ נ י ע: חובות, מאַרקוס, חובות.

מ אַ ר ק ו ס: וואָס?.. צוליב חובות?!

ס אָ נ י ע: (באַשטעטיקט דאָס אָן ווערטער).

מ אַ ר ק ו ס: האָט ער דאָס אַ רעכט צו טאָן?.. ניין, עפּעס מוז געטאָן ווערן! (מאַרשירט אַרום הין-און-הער; שטעלט זיך אָפּ, מיט אָנגעשטעלטע בליקן און פול מיט כעס, לעבן צימער — וואו שמואל זיצט

און לערנט. לאָזט זיך אַריינגיין, ציט זיך צוריק; דרייט זיך אַרום נאָכ־דענקענדיק שטעלט זיך ווידער אָפּ) הער אויס, סאָניא, איך האָב אַ פּלאַן: אָפּפאָרן פונדאַנעט!

סאָניע: ווער?

מאַרקוס: דו.

סאָניע: אָפּפאָרן?

מאַרקוס: יאָ. נאָר ניט צו זיין אויף די אויגן.

סאָניע: און קלמן? די בעלי־חובות?

מאַרקוס: די בעלי־חובות?.. די בעלי־חובות?.. וועלן זיי צו־וואַרטן! פאַר קיין חובות קעפּט מען ניט. עס איז דאָך ניט מער ביז צום צווייטן עקזאַמען. און דאַן, אויב ס'וועט אויסקומען איינג — האָב איך אַ געדאַנק.

סאָניע: וואָס, מאַרקוס?

מאַרקוס: (ניט באַלד) כ'קאָן עס דיר איצט ניט זאָגן... אָ, איך האָב שוין וועגן עס לאַנג געטראַכט... יאָ, עס וועט זיין אַ פראַגע פון בילדונג, ליבע, און...

סאָניע: און וואָס, מאַרקוס?

מאַרקוס: אָ, נאָך ניט איצט איז די צייט דערפון צו רעדן. נאָר דערווייל איז דאָס איינציקע וואָס דו האָסט צו טאָן, איז נאָר ניט צו זיין אויף די אויגן. האָסט עפּעס ערגעץ וואו איבער־צו־זיין? —

חנה: קינדער, קומט צום טיש!

מאַרקוס: אַדאַנק, טאַנטע. מיר האָבן דאָ אַ וויכטיקע זאַך אַרומצורעדן.

סאָלאָמאָן: (צו די איבעריקע, שפּאַסיק) אַ „וויכטיקע זאַך“ געהערט? אַ „וויכטיקע זאַך“... (לאַכט). —

סאָניע: (נאָך אַן איבערלייגונג) יאָ, מאַרקוס, האָסט אפשר רעכט. אַזוי וועט עס טאַקע, דאַכט זיך, מוזן בלייבן. דאָס וועט זיין דער איינציקער אויסוועג. איך'ל פאָרן צו מיינער אַ טאַנטע צו גאַסט! און דאָרטן, שטילערהייד, וועל איך ערגעץ גיבן אוראָקן און זיך ווי ס'גיט איז איבערשלאָגן, יאָ?

מאַרקוס: (פאַרשוויגט — איבערלעבנדיק). —

אַלע: (חוץ מאַרקוסן און סאָניען, — אָפּ אין זאַל).

סאָלאָמאָן: (שפּילט דאָרט פּיאַנע: שפּילט די זעלבע שטיק פון טשאַיקאָווסקיין)

סאָניע: מאַרקוס וואָרום שווייגסטו? וואָרום שטייסטו אַזוי פאַראומערט?

מאַרקוס: אַך, סאָניעטשקאַ! וויפל פּרעפּיאַטסטוויעס עס שטיין פאַר דעם שטרעבנדן ביז זיין ציל ווערט דערגרייכט! מיט וויפל שטיינער און דערנער דער ציל-וועג איז גערעקט... איך באַטראַכט ניט איינמאָל דעם צוועק פון שטרעבן, — דאָס צוועקלאָזע שטרעבן און אַך, ווי העסלעך און געמיין עס קוקט אויס צו מיר! אַ מין זעלבסט-פאַרדאָרבנקייט!.. אָ, סאָניעטשקאַ, ליבע סאָניעטשקאַ! ווען ניט דו... אָ, ווען ניט דו וואָלט איך זיך שוין מיט דעם אַלץ לאַנג צורעכנט! יאָ, דו ביזט די איינציקע, וועלכע פאַרטויבסט אין מיר דעם פאַר-באָרגענעם געפיל, וועלכער רופט צו פאַרניכטונג, צום ניט-ווערן. זאָג מיר, ביזטו כאָטש גליקליך?

סאָניע: מיין טייערער, איך בין בלויז גליקליך אין דיין גליק, אין דיין פרייד. און ווייסטו, ליבינקער, זענען דאָס מיינע טרערן.

מאַרקוס: יאָ, סאָניעטשקאַ! דיין גליק פון מיין פרייד, דאָס איז די פרוכט פון אונדזער ליבע. און אַך, אָט דאָס גליק פון אונדזער ליבע איז מיין גיפט. יאָ, סאָניאַ, דו!.. דו האָסט מיך פאַר'סם'ט מיט דיין ליבע! מיט דיין ליבע האָסטו מיך, ווי געפאַנגען און פאַרשפּאַרט אין אַ תפיסה אויפן גאַנצן לעבן! דו, דו...

סאָניע: מאַרקוס! וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער, וואָס פאַר קאַפּריזן?

מאַרקוס: (שטויסט זי לייכט אָפּ פון זיך) ניין, ניין, בעסער ניי אַוועק, דיין ליבע וועקט האַס אין מיר. דעם האַס צו אַלץ! אַלץ! אַלץ! צו אַלץ וואָס שאַפט נאָר אומרעכט, טיראַניע און באַרבעריי! און ווער, אויב ניט דער מענטש אַליין, איז דאָס ניט דער שאַפער פון טיראַניע און באַרבעריי!.. יאָ, איך האַס דעם מענטשן, דאָס לעבן! דאָס גאַנצע לעבן! און נאָך מער האַס איך מיין נישטיקייט, וואָס איך קאָן ניט אָנעמען פאַרן גאַרגל דאָס גאַנצע לעבן און זיך אַליין און דאָס דערשטיקן — אָט אַזוי!..(וואַרגט זיך זעלבסט).

ס אָ נ י ע : (דורך פּאַפּאָס) מאַרקוס! מאַרקוס!.. (קעמפט מיט אים, רייסט אים אָפּ די הענט פון האַלדז).

אַ ל ע : (לויפן זיך צונאַמען, בלייבן שטיין צעשראָקן, ווערטלאָז).

פ אָ ר ה אַ נ ג

## צווייטע בילד

(אין דער זאַל פון זעלבן הויז. עס איז פינצטער בלויז פון דער קיך שלאָגט אַ שיין).

חייע־גיטל, געצל: (זיצן אין קיך).

געצל: (שפּילט אויף אַ דודע; שפּילט — „עך טע דאַליאַ, מאַיאַ דאַליאַ").

חייע־גיטל: (פליקט פעדערן, זינגט די זעלבע ליד. נעמט דורכאויס פאַלשע, רייסנדיקע טענער).

סאָניע, סאָלאָמאָן, דוניע: (קומען אַריין).

סאָלאָמאָן: וואָס איז דאָ, אַ קאָנצערט?

דוניע: זיי איז גוט.

סאָניע: יאָ. זיי אין דער ליכטיק, מיר — אין דער פינצטער.

סאָלאָמאָן: זע נאָר, סאָניע, ווי שיין ס'קוקן אויס די פּאַסן שטראַלן, וואָס שניידן זיך אַריין אַהער אין דער פינצטערניש.

סאָניע: דאָס איז די אָפּשפּיגלונג פון דעם גאַנצן לעבן, פון דעם אַלגעמיינעם זיין. זעסט, סאָלאָמאָן, גראַדע פון דער קיך שלאָגט דאָס ליכט.

סאָלאָמאָן: יאָ, די שטראַלן זענען שוואַך, דאָך אַ ווירקונג אויפן פינצטערניש האָבן זיי.

סאָניע: און דאָס לעבערליכסטע איז, וואָס פון דער קיך קומט די שיין... די קיך באַשיינט די פעדערשטע חדרים.

דוניע: און אויך די זאַל!

סאָניע: יאָ, די קיך באַשיינט די זאַל, פאַרשטייסט?

חנה: (פון אַ צווייטן צימער, רופנדיק) חייע-גיטעלע! (קומט אַריין) וואָס איז דאָס, גאָר אין דער פינצטער?

סאָניע: אין דער פינצטערניש, מאַמעניו, געפינט זיך אויך עפּעס.

חנה: וואָס?

סאָניע: ווייל אויב עס זאָל שטענדיק זיין ליכטיק, וואָלט מען ניט געוואוסט ווי דאָס צו שעצן.

חייע-גיטל: (אינגאַנצן איינגעטונקען אין פעדערן. קומט אַריין; צו חנה׳ן) אָט בין איך.

חנה: (מאַכט ליכטיק) האָסט טיי, מיין קינד?

חייע-גיטל: וויפל?

חנה: פאַר מיר, פאַר די קינדער.

דוניע: וואָס ביזטו אַזוי אין פעדערן?

חייע-גיטל: אַליין אַ בעדערן! (אָפּ צוריק אין קיך).

חנה: פליקט שוין פעדערן צו דער חתונה.

דוניע: צו וועמעס חתונה?

חנה: צו איר אייגענער.

דוניע: טאַקע?! (פאַרטראַכט זיך).

סאָניע: וואו איז דער טאַטע?

חנה: אין קלויז.

חייע-גיטל: (לויפט אַריין, מיט אַן איי אין דער האַנט) מער נים געהאַט.

חנה: כ׳האָב דאָך דיר געהייסן ברייגגען טיי.

חייע-גיטל: געמיינט איר זאָגט אַן איי.

חנה: לאָמיך שוין גיין אַליין. (אָפּ אין קיך).

קוריאָר: (ברייגגט אַ טעלעגראַמע).

סאָניע: (נעמט זי האַסטיק, לייענט) „כ׳בין אין וועג. דער־וואַרט מיך. — מאַרקוס”.(סאָניע אָפּ אין קיך) מאַמע! מאַמע! מאַר־קוס קומט!

סאַלמאַן: (אָפּ נאָך סאָניען).

חנה: (פון קיך) וואו, ווען? —

געצל: (אויך פון דאָרט) ה-הייע-ד-דיטעלע! ט־טום אהער!

חייע-גיטל: (אָפּ).

דוניא: נו, וואו ביזטו! היינט אויך ניט פאָרן?

סאָניא: (פון צווייטן חדר) יאָ, יאָ, דוניאשא, באַלד!

קוריאָר: (אָפּ).

סאָניע: (לויפט אַריין, קעמט זיך איבער די האָר).

סאַלאָמאָן: (נאָך פון קיך) מאַך דאָס שנעלער, שנעלער!

(לויפט אַריין, כאַפּט אויף אַ קוק אין שפּיגל, גלעט די האָר, פּוצט דעם זאַשעק. — ווי זיך דערמאָנענדיק) אָ, וואו איז דער קוריאָר? שוין אַוועק? אַ נאַריש אינגל. געוועזן אַביסל צו־ווארטן.

סאָניע: נו יאָ, סאָלאָמאָן, אַזוי קומט דאָס. זענען מיר דען אַלע קלוגער פאַר אים? קריגן מיר דען אונדזערע נאַגראַדעס פּונקט דאַן ווען מיר ווילן? יאָ, אָט אַזוי אויך, ווי דעם אינגל, וועט אונדז אַמאָל זוכן אַ נאַגראַדע און אפשר אויך אַזוי סאָזשאַליעיען וועט מען אונדז, וואָס מיר זענען ניטאָ; און אפשר אויך פאַר אַזעלכע גאַראָנים וועט מען אונדז האַלטן.

סאָלאָמאָן: נו, האָט ער געזאָלט האָבן שכל, מע שווייגט ניט, מע זאָגט, מע פאָדערט.

דוניע: אַ, רעדט נאָר ווייניקער און קלייבט זיך שנעלער.

חנה: (אַריין) וואוהין איז?

סאָניע: מאַרקוס'ן ווסטרעטשאַיען!

חנה: זיי בעסער, שרה'קוניו, אין הויז. (שטיל) וואָס ווייניקער ליבע דו וועסט אַרויסווייזן, וועט זיין געזינטער. ליבע איז ניט קיין קוואַל, וואָס שעפּט זיך קיינמאָל ניט אויס.

סאָניע: ניין, מאַמעניו, מאַרקוס'ן ליבט ניט בלויז מיין האַרץ, נאָר אויך מיין נשמה. און נשמה־ליבע האָט קיין גרונט ניט. —

שמואל: (קומט אַריין, פאַרכאַפּט די לעצטע פאָר ווערטער; שטייט אונבאַמערקט, מיט שטאַרע אויגן; הערט זיך איין, מיט אַ פינגער אין דער אונטער־באָרד).

דוניע: נו, סאָניאַ! ס'וועט ווערן שפּעט. מיר וועלן זיך קלייבן, קלייבן, אַזוי יווי פאַר־אַ־יאָרן, ביז — (דערזעט שמואלין).

סאָניע: (פרייליך) מאַרקוס וועט — (באַגעגנט זיך מיט שמואליס שטרייגן בליק; געשלאָגן) שוין אַליין קומען.

דוניע: (שטיל) גייסטו ניט?

שמואל: (בייז) וואוהין איז דאָס גיין! (קיינער ענטפערט איני ניט. — שמואל אָפּ אין אַ צווייטן צימער).

סאָניע: פאָרט שוין אַליין, קינדער. אָבער פאַרשלעפּט אים ניט צו זיך.

סאָלאָמאָן: שאַ, לאָמיר זיך וועטן אויף... אויף אַ קוש, אַז ער וועט דאָס מאָל קומען צו אונדז.

דוניע: גיי, גיי, וועסט פארשפּילן. קום! (נעמט אים אונטערן אָרעם).

סאַלאָמאָן: וואָס קאָן איך דאָ פאַרשפּילן? אָדער איך'ל זי אַ קוש טאָן, אָדער זי — מיך. — וועטן מיר זיך?

סאָניע: (שטיפעריש) יאָ! אויף אַ קניפּ, אָדער אַ בים —

סאָלאָמאָן: טויג עס ניט. (אָפּ, מיט דוניען).

חנה: אויב אַזוי, דאַרף מען דאָך גיין עפּעס צוגרייטן פאַרן גאַסט. (אָפּ אין קיך).

סאָניע: (אַליין) אַך, די איצטיקע מינוטן! ווי גליקליך איך בין! האָבן אַזאַ פריינט ווי מאַרקוס'ן... יאָ, גליקליך איז דער, וועלכער האָט אַ פריינט פאַר וועלכן ער זאָל זיך קאָנען מקריב זיין מיט זיין אייגענעם „איך". דאָס איז דאָך דאָס שטאַרקסטע וואָס וועקט אימער צום קאַמף אויף לעבן און טויט... (פאַרנעמט אַ האַלבע זייט גאַרדין, — עס איז צו זען דאָרט אַ סערווירטן טיש).

קלמן: (קומט אַריין; פאַר זיך נצחונ־דיק) ענדליך געלונגען צו זיין מיט איר אונטער פיר אויגן.(לויט) זדראַווסטוואויטע! (טרעט צו נענטער, רייכט איר די האַנט).

סאָניע: (דערלאַנגט אים נאַכלעסיק איר האַנט, שווייגט).

קלמן: (ניט פריי) ע... ווי איך זע.. גרייט איר זיך פאַר געסט?

סאָניע: יאָ.

קלמן: (צוריקגעהאַלטן) קאָן איך אויך זיין איינער פון די מיט וועלכע איר וועט פאַרברענגען?

סאָניע: פילט איר זיך דען אויסגעשלאָסן פון מענטשן?

קלמן: אָ, נו... קאָניעטשנאָ... נאַאָבאָראָט... איך בין טאַקע אפילו ניט גענוג אָבראַזאָוואַנע, נאָ עטאָ ניטשעוואָ, איך גלויב, אייך איז איזוויעסטנע וואָס גאַספּאָדין קלמן פייערשטיין מיינט פאַר יעדן איינעם אין שטאָט. איך גלויב, איר ווייסט ווער ס'איז באַלעבאָס איבער דער גאָראָדסקאָי אופּראַווע; גאָלאָווא בין איך! און ווער האַלט אויף די פאַרשידענע „אינסטיטוטן", מיט — מיט די אַלע „אוטשרעדיעניעס", ווייסט איר דאָס?

סאָניע: (דורך אַ לייכטן שמייכל) נאַטירליך, ווער ווייסט עס נים... און ווער קאָן דאָס בכלל לייקענען אין אַ צווייטנס מעשים. דאָס איז דאָך דער שפּיגל פון אַ מענטשנס נשמה.

קלמן: (נאָך אַ לאַנגן בליק אויף איר) אַך, ווי גליקליך וועט זיין דער, וואָס וועט באַזיצן אַזאַ מלאך ווי איר.

סאָניע: אַ „מלאך"? (צעלאַכט זיך) ניין, גאָספּאָדין פּייער־שטיין, איר אַשיבייעט זיך. איך בין ניט קיין „מלאך", און קיינער וועט מיך ניט באַזיצן. איך בין אַ מענטש, און בלויז אַלס מענטש וועל איך זיך פאַראייניגן מיט אַ צווייטן פּערזאָן — אַ פּערזאָן וועלכער וועט דורך זיין שיינער פריינטשאַפט און איידעלע מאַניערן געווינען מיין צוטרוי צו אים. און דער הויפּט איז: דער פּערזאָן וועלכער וועט זיין אַ מענטש.

קלמן: סאָניאַ! לאָזט מיר זיין דער, פון וועלכן איר מיעטש־טייעט (חלומט).

סאָניע: (זיך באַפרייענדיק פון אים) וואָרום ניט? מיין פריינט איז אַפילו מיין שונא, און אַלס אַזעלכער קאָנט איר אויך זיין.

קלמן: אַך, סאָניאַ! איך מוז אייך זאָגן גאַנץ אָפן דאָס וואָס איך טראַכט וועגן אייך — שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג... ווען איר זענט נאָך געווען אַ קליין מיידעלע... אָ, שוין אַסך מאָל אַז איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדן, דערקלערן, אָבער עפּעס האָב איך אַלץ ניט געהאַט קיין געלעגנהייט. און דעם אמת צו זאָגן — זיך טאַקע אַביסעלע געשעמט אויך. און דאָ, פאַר דער לעצטער צייט זענט איר גאָר עפּעס אינגאַנצן ניט געווען אין דער היים.

סאָניע: (הערט אים אויס געדולדיק; וויל עפּעס זאָגן, האַלט זיך אָפּ).

קלמן: סאָניאַ, איך בעט דיך... אַך פּראָסטיטיע... עפּעס ווייס איך ניט ווי אַזוי דיך צו רופן. ניט איך קאָן דיר זאָגן „דו", ניט איך קאָן דיך איר'צן. אָבער ניט דאָס איז גלאַוונע. סאָניע!.. האָב פאַר מיר חתונה... יאָ?

סאָניע: (דורך אַ קאָנטראָלירטן געלעכטער) וואָס?!

קלמן: כ'מיין דאָס ערנסט; גאַנץ ערנסט. וועסט זען... וועסט דאָך זיין די גליקליכסטע! פון פויגל־מילך וועט דיר ניט פעלן! דאָס טעלערל פון הימל וועל איך דיר דערלאַנגען. און טאָמער האָסטו מורא פאַר דיין פּאַפּאַ, האָב איך שוין מיט אים אויך גערעדט.

סאָניע: (טאַקטיש און שפּאַסיק) און מיט מיין מוטער האָט איר שוין אויך — „גערעדט"?

קלמן: סאָניא, צו וואָס אזעלכע וואָפראָסן? פאָלגט מיך. איר וועט קיין חרטה ניט האָבן. איך פאָדער פון אייך ניט קיין געלט, קיין צירונג, בלויז אייער וואָרט. סאָניע! סאָניע, גיב מיר דאָס וואָרט. נו? (דריקט איר די האַנט).

סאָניע: (באַפרייט זיך, אַ טריט צוריק) וואָס איז אייך עפּעס פּלוצים איינגעפאַלן? ניין, איר מוזט שוטיען (שפּאַסן).

קלמן: שוטיען?! וואָס בין איך עפּעס אַ מאַלטשיק? אָדער עפּעס...

סאָניע: איז מיר טאַקע דערפאַר נאָך מער וואונדער.

קלמן: אַהאַ!.. איך פאַרשטיי! גאָרדיעיעסט מיט דיין זנאַניע! דו האָסט געקאָנטשעט קלאַסן, און איך ניט!

סאָניע: האָב איך אייך עפּעס וועגן דעם דערמאָנט?

קלמן: מיר דאַרפן ניט קיין פּרושים! מיר דאַרף מען קיין פינ-גער אין מויל אַריין ניט לייגן! דאָס איז דאָך דאָס איינציקע! וואָס נאָך אחוץ די קלאַסן פאַרמאָגסטו? יחוס? שפּילט דאָס ביי מיר גראָדע אַ קליינע ראָלע. דיין שיינקייט? האָב איך שוין געזען שענערע פאַר דיר!

סאָניע: איז דאָך ווידער גוט, טאָ וואָס־זשע האָט איר זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר?

קלמן: דאָס — דאָס וואָלט איך אַליין אויך געוואָלט וויסן און...

סאָניע: כ'האָב זיך גאָר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט צו הערן פון אייך אַזעלכעס.

קלמן: אַלזאָ, סאָניע, הער!.. איך ליב דיך און איך וויל דו זאָלסט זיין מיינע! פאַרגעס ווער און וואָס דו ביזט!

סאָניע: (שיסט אַרויס אַ געלעכטער).

קלמן: אַהאַ!.. די קלאַסן לאַכן אַרויס פון דיר!

סאָניע: נו יאָ! איז וואָס?

קלמן: ווייסטו אויך אויף וועמענס בייטל דו ביזט געפאָרן? פון וועמענס אייטער דו האָסט די מילך געטרונקען? פון וועמעס שחיטה געגעסן? און אויף וועמעס מיסט דיינע קלאַסן זענען אַרויסגעוואַקסן?!

סאָניע: און איר מיינט צו זאָגן — — —

קלמן: אַך, איזווינִיטיע... איך — איך מיין גאָרניט צו זאָגן...

כ'מיין... איך מיין בלויז איין זאך: אייער וואָרט. סאָניאַ! סאָניאַ, פּאָ-דומאַיטיע... בלויז אייער וואָרט.

סאָניע: (שטייט ווי פּאַרטומלט, שווייגט).

קלמן: (נעמט זי אַרום) סאָניאַ...

סאָניע: (רייסט זיך אַרויס) ניין! דאָס וואָס איר ווילט, וועט קיינמאָל ניט זיין!

קלמן: (שטורמיש) עס וועט שוין יאָ זיין! דו ביזט שוין מיינע! דיין יעדער טראָפּן בלוט, דיין יעדער אבר! אינגאַנצן מיינע!

סאָניע: (ציט אָפּ צו אַ צווייטן צימער).

קלמן: (פאַרלויפט, כאַפּט זי אין די אָרעמס) אינגאַנצן מיינע! אינגאַנצן מיינע —

סאָניע: (פאַרשטיקט) לאָזט אָפּ! נאַכאַל! (ווערט זיך מיט אַלע כוחות).

מארקוס: (געקליידעט אַלס סטודענט פון יורידישן פאַקולטעט. — גייט פאַרביי דרויסן הינטערן פענצטער, דערזעט די לעצטע סצענע; לויפט אַריין ברוזיק. רייסט אַרויס סאָניען פון קלמנ'ס אָרעמס, פול מיט האַס) גראָביאַן!.. ווי האָסטו געסמיעיעט (געוואַגט)!

קלמן: (אַ טריט צוריק) שאַ, שאַ, היץ זיך ניט אַזוי —

מארקוס: מס, אידיאָטינאַ! אַוועק פון די אויגן, וואָרעם איך צערייס דיך אויף שטיקער!

קלמן: (שמייכלט איראָניש).

מארקוס: מיערזאַוויעץ דו! און דאָס איז נאָך אַ באַלעבאָס, אַ גבאי, אַ ראש הקהל, אַ שיינער איד — אַ איד מיט אַ באָרד! נידער מיט אַזעלכע אידן!

סאָניע: אַ, מארקוס, זאָל שוין זיין, לאָז אים אָפּ. פון אַ שטיין וועסטו קיין פּוטער ניט אויסשלאָגן, און פון אַ שאָטן קיין שטוב ניט אויפשטעלן. (אָפּ האַסטיק אין קיך).

מארקוס: (שפּאַנט אַרום אויפגערעגט, פּאַוזע).

קלמן: (נאָך אַ שווייגן, זיך באַהערשנדיק, רואיק) הער, איך האָב ביז אַהער געשוויגן, איצט וויל איך מיט דיר רעדן: — פאַרוואָס האָסטו מיך געזידלט? האָב איך ניט קיין רעכט צו קריגן דאָס, וואָס מיין הארץ גלוסט? אָדער דאַרף איך זיך רעכענען מיט אַ צווייטנס אונ־צופרידנהייט, אַ? זאָגט אַזוי די נאַטור? אמת, די מאָראַל פאַרלאַנגט

דאָס. אָבער ווי איז ווען די געפילן זענען שטארקער פון די מאָראַלישע קייטן? איך טראָג אַ שיינע באָרד — דאָס איז מיין געשמאַק. איך בין אַ גבאי, אַ ראש הקהל — איז וואָס? גיין דערפאַר קאַטשקעס באָרוויס, ווער איך דען שוין אַנדערש? וואָס קער זיך אָן אַ באָרד מיט אַ קליידל? וואָס האָט צו טאָן רוחניות מיט גשמיות? וואָס איך זאָל ניט זיין, אַ מענטש בלייב איך דאָך; אַ מענטש מיט געפילן —

מאַרקוס: כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... „אַ מענטש מיט געפילן"... חיה'שע געפילן"!

קלמן: זאָל זיין חיה'שע אָבער אַלץ געפילן.

מאַרקוס: דאַן גיי צוראַלדע-שוואַרצע יאָר צו די חיות! אָבער ניין, אַ רחמנות אויף די חיות: אַ חיה איז פיל בעסער און ערליכער פאַר דיר. דו וואָלסט זיי בלויז זייער מנוחה צעשטערט. צום טייוול! אָט דאָרט איז דער איינציקער עיר־מקלט פאַר אייך — סוואָלאָטשעס, מוסרים, היפּאָקריטן!

קלמן: אָ, אָ, יונגערמאַן, דיין צונגל איז מיר שוין צו שאַרף, צו לאַנג; שטעקט שוין צופיל אַרויס. איך האָב געמיינט לויט דער פאָרמע וואָס דו טראָגסט איצט, אַז איך רעד צו אַ מענטשן, אַ בר־דעת...

מאַרקוס: (דורך אַ איראָנישן שמייכל) נו, האָסטו דאָך אַ ברירה: האָסט עפּעס, דערציילן; ווען ניט — טראַכט אויס... (אָפּ אין קיך).

קלמן: (בלייבט שטיין, ווי אָפּגעשמיסן און בייז).

אייזיק, איטע, סאַלאָמאָן, מאַניע: (קומען).

מאַניע: (באַמערקט קלמניען, בלייבט שטיין הינטן).

אייזיק, איטע, סאַלאָמאָן: (פאַרנויגן זיך קאַלט צו קלמניען, אָפּ שנעל אין קיך אַריין).

קלמן: (לאָזט זיך גיין צו דער קאָרידאָר-טיר).

מאַניע: (צום לעצטן — שטיל, כעסידיק) קלמן!

קלמן: (שטעלט זיך אָפּ — געצוואונגען).

מאַניע: איין רגע'לע.

קלמן: צו פאַרנומען, מאַניעטשקע.

מאַניע: דיינע קרבנות וועלן וואַרטן —

קלמן: (עפנט אויף האַסטיק די טיר, אויף אַוועקצוגיין).

מאניע: (אַ פעסטן שלעפּ פאַרן אַרבל) וואַרט!

קלמן: וואָס רייסטו!

מאניע: דו גייסט נאָך ניט!

קלמן: מיך ניט לאָזן?!

מאניע: ניין!

קלמן: וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט!

מאניע: מ-מערדער!

קלמן: וואָס ווילסטו?

מאניע: אויסרייסן דיר דאָס פּנים, די אויגן, דיין נשמה! אָט אַזוי די נעגל דיר אַריינשטעקן!.. (שפּרינגט אים ווילד אין פּנים אַריין).

קלמן: מאַניע!.. ביזט משוגע געוואָרן —

מאניע: (רייסט זיך אָפּ אין אַ זייט, וויינט).

קלמן: (טרעט צו צו איר, געריזט) נאַריש מיידל, נאַריש מיידל... (אַ קורץ שווייגן. כאַפּט אַ קוק צום צווייטן צימער, — אויב עמיצער קומט ניט אונטער). מאַניא, הער: דאָ איז ניט דאָס פּלאַץ און ניט די צייט צו רעדן דערפון. וועסט צוקומען —

מאניא: צו דיר אהיים, אַ?!

קלמן: יאָ —

מאניע: און טרעפן אַ פאַרשלאָסענע טיר פון אינעווייניק! ניין! אָט שוין וויל איך וויסן! שוין! (דורך טרערן) וואָרום האָסטו מיך גענאַרט!

קלמן: האָסט דאָס אַליין אַזוי געוואָלט, האָב איך דיר צוליב געטאָן —

מאניע: וואָס „צוליב געטאָן"!

קלמן: נאַריש מיידל, וואָס ווילסטו?

מאניע: איך וויל וויסן, צו האָסטו פאַר מיר חתונה, צו ניין?!

קלמן: אָ!.. מיט קיין אולטימאַטומס האָט מען ניט חתונה, מאַניע, און צו וואָס דאַרפסטו דאָס גאָר? סט'זיין אַ מענטש, ועט מיין טיר שטענדיק זיין פאַר דיר אָפן.

מאניע: (דורך טרערן) אויב אַזוי, מערזאַוויעץ, וועט דאָס די גאַנצע שטאָט וויסן! איך האָב שוין גאָרניט וואָס צו פאַרלירן! איך דער וועלט אין פּנים אַריין וועל שוין במילא ניט קוקן! (לאָזט זיך צו דער טיר).

קלמן: (מיטאַמאָל) וואוהין איז?!

מאַניע: ריר מיך ניט אָן!

קלמן: וואָס ווילסטו טאָן, מאַניע —

מאַניע: לאָז מיך אָפּ!

קלמן: כ׳וועל דיך אָפּלאָזן, אָבער מאַך זיך ניט נאַריש.

מאַניע: נאַרישער ווי איך בין, קאָן שוין ניט זיין! — לאָז מיך אָפּ!

קלמן: וואוהין ווילסטו גיין? (האַלט זי פעסט אין די אָרעמס).

מאַניע: כ׳דאַרף דיר קיין רעכענונג ניט אָפּגעבן (רייסט זיך).

קלמן: (ליידנשאַפטליך) וועסט מאַרגן זיין ביי מיר?

מאַניע: (דורך פאַראַכטונג) וועגן וואָס? (רייסט זיך) —

ברוך: (קומט אַריין —)

קלמן: (אָפּ שנעל אָן אַ זייט).

מאַניע: (ראש אָפּ).

ברוך: וואָס איז? עפּעס...

קלמן: ווייס׳ך... אַ צרה... טשעפּעט זיך.

ברוך: פאָרט וואָס?

קלמן: כ׳ווייס וואָס... האָב מיט איר חתונה.

ברוך: וואָס?

קלמן: אָט... ווער אירער אַ משרת, אַ נאַימיט, אַ שיך-פּוצער, אַ קליידל-אונטערטראָגער!

ברוך: אָ, כאַ-כאַ-כאַ-כאַ... נו, אַזוי איז דאָס, ברודער.

קלמן: אָבער פאַרוואָס?.. וואָלט איך זי כאָטש ליב געהאַט.

ברוך: מסתמא איז דאָך ניט אומזיסט. וואָרום טשעפּעט זי זיך ניט צו מיר?

קלמן: ביזטו, הייסט עס, אויך מסכים, אַז דערפאַר, וואָסע, טאָמער האָבן מיר דאָרט, ווייס׳ך וואָס... פאַר אַ קוצעניו-מוצעניו, זיך אַ שפּיל געטאָן, זיך נאַריש געמאַכט, דאַרף איך שוין דערפאַר בלייבן אירער אַן אייביקער משרת? אַדרבה, גיב מיר דאָס צו פאַרשטיין מיט דיין מרשאה-קעפּל, אָדער מיט דיין, ווי הייסט עס דאָרט, — מיט דיין „אוסטאַוו יעוואָ אימפּעראַטאָרסקאַוואָ”.. עפּעס ביזטו דאָך אַ שטיקל פּאָוויערענע.

ברוך: נו, אָט אַזוי ברודער, פירט זיך די וועלט.

ק ל מ ן: הער נאָר, הער נאָר אָן המצאה! אַז דערפאַר וואָס איך האָב ניט געוואָלט אונטערדריקן מיינע געפילן; דערפאַר וואָס איך האָב געטאָן דאָס, וואָס די נאַטור טרעבעוועט, בין איך שוין אַ משה־מחיוב...

ב ר ו ך: אַזוי, קלמן, פאַרלאַנגט דאָס די געזעלשאַפט, דאָס געזעץ, דאָס לעבן.

ק ל מ ן: און וואָס בין איך?.. וואָס בין איך — ? און וואו זענען מיינע אייגענע געזעצן! ניין! איך בין די געזעלשאַפט, און איך בין דאָס געזעץ! איך האָב מיר מיין אייגענעם אוסטאַוו, מיט מיין אייגענעם שלחן־ערוך! איך בין דער מענטש און אויך דאָס לעבן! דער מענטש און דאָס לעבן איז איינס! און קיין אַנדערע געזעצן אחוץ דעם מענטשנס זענען ניטאָ! ס'איז בלויז אַ פראַגע פון שטאַרקן און שוואַכן, און ניט מער. אַמאָל האָט אַ פרוי מיך געמאַכט צום נאַר און פון מיר געלאַכט, — דו ווייסט וואָס איך מיין, — וויל איך דערפאַר אַצינד —

ב ר ו ך: נעמען נקמה, אַ?

ק ל מ ן: יאָ, ברוך! שטיקער פון זיי שניידן — ביי יעדער געלעגנהייט!

ב ר ו ך: פון סאָניע'ן אויך?

ק ל מ ן: דאָס איז אַ באַזונדער זאַך. דערפון וועלן מיר אַנאַנדערס מאָל רעדן. איצט רעדן מיר פון עפּעס אַנדערש. איצט איז פּרשה — מאַניע. איצט רעדן מיר פון מאָראַל, פון געזעץ און אייגענע רעכט... יאָ, איך האָב מיר אַצינד מיינע אייגענע רעכט, מיט מיינע אייגענע געזעצן: בלויז ניט צו שאַפן אַזאַ שלעכטס, וואָס איך אַליין פאַרשטיי אַז דאָס איז שעדליך. אָבער חוץ דעם, טו אַלעס וואָס דו קאָנסט, נאָר נאָר זאָל דיין „איך", און דאָס מיינט דאָס נפש, ניט ליידן. דיין „איך", מיין „איך", שטייט העכער איבער אַלעם. פאַרשטאַנען?

ב ר ו ך: (צעלאַכט זיך) ניין, ברודער, ניין. מיר זענען אפילו חברים, אינאיינעם אויסגעוואַקסן, טראָגן בערד, דרייען זיך אַרום אין איין קרייז, — צווישן פאות, מיט יאַרמילקעס און קאַפּאָטעס, — אָבער מסכּים מיט דיר בין איך ניט. מיר איז נאָך גאָר אַפילו אַ וואונדער, אַז דו — דו דער ראש הקהל, זאָלסט קאָנען אַזעלכעס אַרויסברענגען פאַר דיין מויל.

ק ל מ ן: פאַר דיר אויך ניט רעדן? ביזטו דאָך אַ שוטה! און

וואָס זאָג איך דען? און זאָגט דען אויך ניט די תורה: אם אין אני לי, מי לי?

ב ר ו ך : יאָ, אָבער נישט דערויף, קלמן, גייט דער פּסוק.

ק ל מ ן : אָבער ענטפער מיר, נאָר אָן דריידלעך!

ב ר ו ך : ס'הייסט? ווי איז אָבער ווען אַ צווייטער ליידט און האָט שמערצן דערפון וואָס שטעלט דיך צופרידן, — ווי אַט, למשל, מינו דער מיידל?

ק ל מ ן : מיט וואָס, דו טפּוש, מיט וואָס? דערפאַר ווייל איך וויל ניט ווערן איר שקלאַף, איר שמאַטע? וואָרעם נאָכאַלעמען, וואָס האָב איך איר דען געטאָן אַזעלכעס? עפּעס פון איר אָפּגעביסן, וואָס? און צווייטנס, האָט דאָס זי דען אויך ניט צופרידנגעשטעלט פונקט ווי מיך? עט, נאַרישקייטן!.. פאַרשטייסט, זי האָט דאָס די רעכט אַצינד צו שפּילן זיך מיט מיין „איך”, מיך מבזה זיין, מערדער מיך רופן — וואָרום?! מיט וואָס האָט זי דאָס מער רעכט פאַר מיר, פרעג איך. און ווי וואָלט געווען אַצינד, למשל, ווען איך וואָלט זי געוואָלט האָבן אויף ווייטער, — נאַטירליך, אויף מיינע אייגענע קאָנדיציעס, און זי וואָלט ניט געוואָלט? וואָס פאַר אַ ווערט וואָלטן מיינע טענות געהאַט, אַ?

ב ר ו ך : דאָס איז די רעכט פון דער פרוי, קלמן.

ק ל מ ן : וואָרום?!

ב ר ו ך : ווייל זי איז די שוואַכערע.

ק ל מ ן : וואָס! ווי פאַלש דאָס קלינגט! פאַרשטייסט, איבער אַ צווייטנס שוואַכקייט, מוז איך אויך ווערן אַ שוואַכלינג, זיך אונטער־וואַרפן אַ צווייטנס לעבערליכע פאָדערונגען און מיט מיין אייגענעם „איך” זיך איינגאַנצן ניט רעכענען. שטיק איך אין זיך מיינע פאַרלאַנ־גען, הרג'ע מיינע געפילן, דאַן איז רעכט אַזוי און טאָמער ניט — בין איך אַ „מערדער;”, כאַ־כאַ־כאַ... ווי לעבערליך!

ב ר ו ך : אַזוי איז דאָס, קלמן. דאָס געזעץ פון דער געזעלשאַפט, איז ווי אַ מלביש צונעשניטן פאַר יעדן גלייך —

ק ל מ ן : פאַרן קאַרליק און פאַרן ריז איין מאָס גענומען, אַ?! אָבער וואו איז דער אייגענער געפיל, דער אייגענער געשמאַק, דער אייגענער פאַרלאַנג? דערמיט וויל מען זיך ניט רעכענען? אבי דער צווייטער זאָל בלייבן צופרידן? און מיט וואָס צופרידן שטעלן דעם

„איך" — בלויז מיט די שיריים וואָס בלייבן פון יענעם ?! —

שמואל: (קומט אַריין).

קלמן: (פאַרשווייגט, ווי אָפּגעריסן).

מאַרקוס, סאָניע: (אַריין).

סאָניע: (ציט זיך גלייך צוריק, פאַרשווינדט).

מאַרקוס: (גייט, גלייכצייטיק, וואַרים און פריינטליך שמואלין אַנטקעגן) וואָס מאַכט איר, פעטער!

שמואל: (מעסט אים אָפּ מיט אַ קאַלטן בליק, שאָקלט אָפּ מיטן קאָפּ אַלס ענטפער, פאַרקוקט אין עס-צימער אַריין; פאַר זיך) נאָר בלי־זמר פעלן!

ברוך: (שטייט אויף דער שוועל, וואָס צום עס־צימער, קוקט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט).

שמואל: (דערזעט פּלוצים קלמניען; פול מיט רעספּעקט). אָ, א גוטנאָוונט! אייך גאָרניט געזען. (וואַרימע הענט דריקונג) און ווער שטייט עס דאָרט, דאַכט זיך ברוך? — ברוך! וואָס טוט איר דאָרט?

ברוך: כ'באַטראַכט אונדזער אדון פאַניע אַליאַשקען.

שמואל: איר מיינט — דעם קיסר אַלעקסאַנדער?

ברוך: מם-מם. כ'שטעל זיך נאָר פאָר צו וואָס אַזאַ נפש, אַזאַ מוזשיק ווי ער, וואָלט געטויגט, ווען מע נעמט צו ביי אים דאָס „טיטל". —

שמואל: חלילה! זאָל גאָר די שעה ניט זיין... א קיסר מיינט שלום אין לאַנד. א מלך... שלום אין לאַנד... — קומט אַריין. איך דאַרף אייך טאַקע האָבן. (אָפּ צו זיך אין צימער).

ברוך: (צו קלמניען, — אויפן וועג נאָכן לעצטן) הער נאָר, קלמן; היינט קומט אַריין צו מיר מיין שכן, און וויל בלויז איך זאָל אים זאָגן ווי-אַרום מיין חברה־מאַן האָט זיך אויסגעדרייט פון מיליטער-דינסט.

קלמן: נו?

ברוך: וואָס א שטיינער, האָב איך אים געקאָנט זאָגן?

קלמן: (לצנותידיק) דער „אויבערשטער". (לאַכן ביידע; אָפּ, צו שמואלין אין צימער).

מאַרקוס: (פאַר זיך, מיט אַ בליק אויף די לעצטע).

איין סאָקאָל רופט צום צווייטן. (דרייט זיך אַרום).

סאָניע: (אַריין).

מאַרקוס: נו, עפּעס נייעס, סאָניעטשקאַ? דערציייל. (זעצן זיך ביידע איינער לעבן צווייטן).

סאָניע: די בעסטע נייעס, מיין טייערער, איז וואָס איך זע דיך אַליין צוריק אַצינד. און וואָס ס'האָט דאָ פּאַסירט — בין איך דאָך נאָך אַליין אַ גאַסט; ס'איז דאָך ערשט אַפּאָר טעג אַז איך בין געקומען פון דער טאַנטע.

מאַרקוס: אויב אַזוי האָב איך עפּעס נייס.

סאָניע: וואָס?

מאַרקוס: זייער וויכטיקע.

סאָניע: און האָסט ביז אַהער געשוויגן.

מאַרקוס: יאָ, סאָניעטשקאַ.

סאָניע: וואָרום?

מאַרקוס: נו, סאָניעטשקאַ... אַזוי איז דאָך שוין די וועלט: גיפט מיינט טויט, אַיאָ? און דאָך איז דאָס אַמאָל אויך אַ רפואה.

סאָניע: אַך, צו וואָס אַליעגאָריעס, מאַרקוס? זאָג, וואָס איז די נייעס?

מאַרקוס: יאָ, סאָניעטשקאַ, איך וועל דיר דערציילן, אָבער... (פאַררויכערט). —

ברוך: (אויף דער טיר פון שמואליס צימער) נו, קלמן, גייסט שוין אויך?

קלמן: (פון דאָרט) יאָ, ברוך, די רגע.

ברוך: כ'וועל שוין וואַרטן פאַר דיר אינדרויסן. (אָפּ).

סאָנע: (צו מאַרקוסין) נו, זאָג שוין.

מאַרקוס: טרעף אַליין.

סאָניע: כ'וויל זיך נישט ברעכן דעם מח. זאָג.

מאַרקוס: סאָניטשקאַ! איך האָב מיינע קורסן פאַרענדיקט פולשטענדיק.

סאָניע: דאָס פרייט מיך זייער צו הערן, אָבער דאָס ווייס איך דאָך שוין, ליבינקער. ניין מאַרקוס, עפּעס לייען איך אין דיינע אויגן, ווי דו וואָלסט טאַקע האָבן עפּעס אַ גרויסע, אַ וויכטיקע זאַך און באַהאַלטסט דאָס פון מיר. אַך, מיין טייערער! (קושט אים).

קלמן: (טרעט ארויס פון שמואליס חדר. פאַרכאַפּט די לעצטע בילד, שטעלט אַן אַ בייזן אונטערשטערנדיקן קוק, אַפּ — מיט אַ דראָהענדער גרימאַסע).

סאָניע: נו, מאַרקוס, זאָג; וואָס?

מאַרקוס: (שווייגט).

סאָניע: ליבינקער! פֿאַרוואָס איז דאָס דיר אַזוי שווער צו דערציילן?

מאַרקוס: נו, גוט, סאָניעטשקאַ. ווייסט, אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך זיך קאָנען אויסקלייבן וואָס פֿאַר אַ אַמט איך אַליין וועל נאָר פֿאַרלאַנגען. אַפּילו מיניסטער! אָבער איך׳ל זיך שטעלן צופֿרידן מיטן קלענסטן, אַבי נאָך מיין פֿאַרלאַנג. דאָס ערשטע קלויב איך זיך אויס, ווערן דירעקטאָר פֿון גימנאַזיע. כאָטש איך וואָלט זייער געוואָלט ווערן מיניסטער פֿראָסוויעשטשעניע (בילדונג).

סאָניע: עפּעס שוין אַביסעלע צו גוט, מאַרקוס. כאָטש „דירעקטאָר גימנאַזיע", זאָגט ער. און פֿאַר אַ סטאַראַזש אין גימנאַזיע וועט מען דיך דען יאָ אַריינגעמען, וואָס רעדסטו?

מאַרקוס: ניין, סאָניעטשקאַ, ס׳איז ווי איך האָב געזאָגט: אַפּילו מיניסטער פֿראָסוויעשטשעניע.

שמואל: (קומט אַריין; פֿאַרכאַפּט מאַרקוסעס לעצטע פֿראַזע; מיט דער האַנט אויף דער באָרד און ניט אָן דרד־ארץ) אַזוי, אַזוי, מרדכי... האָסט אַזאַ נייעס און דערציילסט גאָרניט דעם פֿעטער? איך שטיי דיר שוין באַציימנס ניט אָן, וואָס?

מאַרקוס: איר האָט מיך גאָרניט געפֿרעגט, האָב איך אייך גאָרניט דערציילט. —

אייזיק, איטע, חנה, סאָלאָמאָן: (קומען אַריין, הערן זיך איין צום געשפּרעך).

שמואל: (דורך אַ חקירה־דיקן קראַץ אין דער באָרד) האָסט דאָ פֿריער עפּעס געזאָגט... אַנו, חזר דאָס איבער נאָכאַמאָל.

מאַרקוס: יאָ, פֿעטער... ערשט איצט בין איך געוואָרן אַ מענטש. אַ מענטש מיט מענטשן צוגלייך. אַ פֿרייע וועלט האָט זיך איצט פֿאַר מיר געעפֿנט. איצט קאָן איך צוגיין צו וועלכער טיר איך זאָל ניט וועלן — און עפֿענען.

שמואל: מיט וואָס פֿאַר אַ כח?

מ א ר ק ו ס : (שפּאַסיק) פון׳ם „שם-המפורש״.

ש מ ו א ל : נאָר אַן חוזק דערווייל. — אָבער טאַקע, וואָס האָסט־ טו אויסגעשטודירט?

מ א ר ק ו ס : אָ, ס׳האָט ניט קיין גרעניץ. נאָר דערווייל וועל איך בלאָפּאָטשען פאַר דירעקטאָר גימנאַזיע.

ש מ ו א ל : דירעקטאָר גימנאַזיע —? (אַ שטוינענדן בליק) און דאָס וואָס דו ביזט — אַ איד?

מ א ר ק ו ס : (פאַרשווייגט, רויכערט).

ש מ ו א ל : זאָל דאָס זיין אמת?

מ א ר ק ו ס : אמת, פעטער.

א ל ע : (גראַטולירן אים).

א י י ז י ק : וואָס-זשע האָסטו געשוויגן!

מ א ר ק ו ס : וואָס האָב איך צו שרייען. איר האָט מיך געפרעגט צו איך האָב אויסגעהאַלטן, האָב איך אייך געענטפערט.

ש מ ו א ל : (שטייט פאַרטראַכט; מיט אַ שטיק באָרד אין מויל, פאַר זיך) עפּעס איז מיר דאָ קשה, ניט גלאַט. אַ איד, אין רוסלאַנד, און זאָל קאָנען ווערן. זאָגט ער, אפילו מיניסטער פראָ... פראָ... ווי אַזוי האָט ער דאָרט געזאָגט?... (דרייט זיך אַרום, חקירה׳ט).

ח יי ע - ג י ט ל , ג ע צ ל : (אַריין).

מ א ר ק ו ס : אָ, חייע־גיטעלע! וואָס מאַכסטו? וואָס ביזטו אַזוי אויסגעשמירט?

ח יי ע - ג י ט ל : נע, דו ניט אויסגעשמירט; נאָר אַביסעלע אָט־ דאָ-אָ — (כאַפּט אים אַרום, קושט אים).

ג ע צ ל : ד־דאָס מ-מיין ט-טאַלע, מ־מיר ש־שוין ה־האָסענע האָבן.

מ א ר ק ו ס : ווי רופט מען דיך?

ג ע צ ל : ד-דעציע — ה-האָנע־הייעס!

מ א ר ק ו ס : וואָס פאַר אַ דריינאָרנדיקער נאָמען! געצל-חאָנע-הייעס. — (פאַר דער צייט פון דער לעצטער סצענע, קוקט סאַלאָמאָן אַריין אין אַ בוך, שמואל דרייט זיך אַרום; און די איבעריקע רעדן צווישן זיך — שטיל און מיט התפעלות).

ס א ל א מ א ן : (כאַפּט אַרויס פון זיין טאַש אַ פאָטאָגראַפיע: אַ קוק און — אָפּ).

שמואל: זאָג נאָר, מרדכי, האָסטו שוין ווען יאָ געזען, אַז אַ איד אין רוסלאַנד זאָל זיין אפילו אַ סטראַזשניק?

מאַרקוס: ניין.

שמואל: וואָס־זשע הייסט דו רעדסט פון ווערן אַ מיניס־טער... פון ווערן אַ דירעקטער...

מאַרקוס: אמת, פעטער, פאַר אַ אידן אין רוסלאַנד איז דאָס טאַקע ניט מעגלעך. אָבער פאַר אַ מענטשן —

שמואל: אַ?.. דאָס איז שוין עפּעס אַנדעריש. כ'פאַרשטיי ניט, וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער? „איד", „מענטש"... וואָס־זשע, מיינסט אפשר צו זאָגן, אַז אַ איד איז קיין מענטש ניט?

מאַרקוס: דאָס האָב איך ניט געזאָגט. איך מיין דעם מענטשן גופא. ניט אַלס איד, און ניט אַלס קריסט, נאָר בלויז דעם פאַקט — מענטש!

שמואל: אַזאַ שטיקל פשט. (טראַכט). —

געצל: ט־טעם! טעם אַהין, ה־הייע־דיטעלע. (אָפּ מיט איר אין קיך). —

שמואל: (נאָך אַ קורצער פּאַוזע) מרדכי! גיב מיר צו פאַר־שטיין, וואָס מיינסטו — „ניט אַלס איד, און ניט אַלס קריסט, נאָר אַלס מענטש"? האָט דיך רוסלאַנד, הייסט עס, אויסגעקליבן פאַרן איינציקן „מענטשן", אַרונטערגענומען פון דיר דעם „קראַמיע יעוו־ריעיעוו" און — פאַר וואָס? דאַכט זיך אַז רוסלאַנד איז נאָך ניט גע־נוג... ניט גענוג... ווי זאָל איך דאָס זאָגן... נאָר וואָס הייסט... סיידן דו ווילסט מיר דאָ פאַרדרייען די ציין מיט אַ קלאָץ...

מאַרקוס: וואָס פאַרשטייט איר ניט, פעטער? כ'מיין, אַלס אַזעלכער... נו, אָט... ווי זאָל איך דאָס אייך אויסמאָלן אין אַנדערע ווערטער?.. נו, אָט, למשל... (האַקט זיך אָפּ).

שמואל: קום נאָר אַהער, וואָס דאַרפן מיר זיך פּשט'לען און הקירה'ן, ענטפער מיר קורץ, נאָר דעם אמת; אַזוי, מיט אַ יאָ, אָדער אַ ניין: האָסטו זיך, טשאַסאַם... (שטעלט זיך אָפּ; דורך אַ צאַפּל) ניט גע'שמד'ט?

מאַרקוס: חלילה!

שמואל: וואָס־זשע דען? עפּעס לייגט זיך פאַרט ניט אויף'ן שכל אַז...

מ א ר ק ו ס: ניין, פעטער! מענטשן וואָס זענען נישט אַבער־גלויבעריש — שמד׳ן זיך ניט. עס שמד׳ן זיך בלויז גרונטלאָזע, גע-דאַנקענלאָזע, לייכטזיניקע און בלינד-גלויביקע. איך אָבער בין דאָס ניט, און דערפאַר...

שמואל: ווי אַזוי־זשע פאַרט האָט עס געקאָנט זיין?

מ א ר ק ו ס: כ׳וועל איך זאָגן, פעטער: דאָס איינציקע פאַר-וואָס איך בין איצט דאָס וואָס איך בין, איז ניט דערפאַר ווייל איך האָב זיך גע׳שמד׳ט, פאַרקויפט אָדער אויסגעביטן מיינע אַנשויאונ-גען אויף אַ צווייטן גלויבן. ניין! אַבסאָלוט ניין! דער וואָס איך בין געווען, דער בין איך. דאָס איינציקע איז, ווייל — כאַ־כאַ־כאַ... איך האָב זיי אָפּגענאַרט, פעטער!

שמואל: וואָס־וואָס? וועמען אָפּגענאַרט?

מ א ר ק ו ס: איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך ווער אַ קריסט —

שמואל: אַ — ?! (כאַפּט זיך מיט די הענט פאַרן פּנים. — אַ מורמלעריי צווישן די איבעריקע).

מ א ר ק ו ס: איז וואָס? אָבער איך בין דאָך דאָס ניט —

שמואל: (דאָס פּנים אינגאַנצן איבערגעביטן; קאַלך-ווייס) אַ משומד געוואָרן — !

מ א ר ק ו ס: איך זאָג אייך אַז ניין! און אויב אַ איד מעג אָפּנאַרן זיין גאָט, טאָן כל׳ערליי פּאַרלאַסטיען און דאָך זאָגן אַז ער איז אַ איד, טאָ וואָרום-זשע זאָל איך ניט קאָנען זאָגן די קריסטן אַז איך ווער אַ קריסט? ווער, אַ חוץ פּאַנאַטיקער, שמאָלזיניקע, ליידט דאָ דערפון?

שמואל: דאָס אידישקייט, דו אויסוואורף! דאָס אידישקייט!

מ א ר ק ו ס: דאָס אידישקייט?.. און ווען איך וואָלט שוין גע־ווען, ווי אַ נבלה, אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַלס איד, ווי שטענדיק, פון יענער זייט טיר, „מיט מיינע גאָלדענע מעדאַלן", — וואָס פאַר אַ פּאָלזע, זאָגט מיר, וואָלט דאָס דאָן פאַר עמיצן פון אייך געבראַכט?

שמואל: וואָס?!

מ א ר ק ו ס: יאָ, וואָס, פרעג איך, וואָלט עמיצער געווען גע-ווינען דערפון, וואָס איך וואָלט בלויז אין בוך אַלס איד פאַרבליבן?!

שמואל: אַ, וואָס טויגן די טענות! אויסוואורף, וואָרום האָס-

טו דאָס געטאָן! וואָרום האָסטו דאָס געטאָן!... אפשר קאָן מען נאָך כאַפּן צוריק?

מארקוס: איך בין ניט קיין אינגעלע! איך ווייס וואָס איך טו —

שמואל: דו ווייסט!

מארקוס: יאָ! אום צו דערגרייכן דאָס וואָס איך האָב גע־שטרעבט: האָבן אַ פרייע האַנט אין אַלעם!

שמואל: מם. דו נידעריקער אוהב עצמו! וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער, וואָס! האָסט דאָך באַשמוצט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק דיינס! פאַרקויפט דיין שטאָלץ — דעם שטאָלץ פאַר וועלכן טויזנטער און טויזנטער אידן האָבן זיך פון אַלע יאָרן געלאָזט מקריב זיין פאַרן קידוש השם...

מארקוס: נו, האָבן זיי זיך מקריב געווען פאַרן קדוש השם, און איך בין מקריב דעם „קדוש השם" פאַרן כלל, פאַר דער מאַסע כדי צו זיין אַ פרייער מענטש און קאָנען עפּעס אויפטאָן ניט נאָר פאַר די אידן, נאָר פאַר אַלע פעלקער —

שמואל: גענוג! כ'וויל מער גאָרניט הערן!

מארקוס: פעטער —

שמואל: פעטער רופסטו מיך נאָך, דו מומר להכעיס, דו עוכר בישראל דו! ניט גענוג וואָס דו האָסט באַפלעקט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, מיין גאַנצע משפּחה, האָסטו נאָך די העזה אַריינצוקו־מען צו מיר אין הויז אַריין, פעטער מיך רופן!... אַרויס פון מיין הויז, שוין! (אָפּ אין אַ זייט, ברוגזנדיק).

סאָניע: (מאַרקוסין אויפין האַלדז) מארקוס, מארקוס! מיט וואָס פאַר אויגן וועט מען איצט קוקן אויף אונדז?... דו ווייסט גוט אַז די מאַסע איז נאָך ניט גענוג רייף —

שמואל: (אַ שלעפּ טאָניעין פאַר דער האַנט) אוועק פון דעם — פון דעם... זיינע דלת אמות זענען פאַרשאָלטענע!

סאָניע: (אָפּ צו חנהין מיט אַ געוויין).

איטע, חנה: (שטייען טויט־דערשלאָגן, באַרואיקן סאָניעין).

מארקוס: אַך, סאָניא, סאָניא!.. (אָפּ אין אַ ווינקל ליידנדיק).

אייזיק: (שפּאַנט אַרום פאַרטראַכט, קורצע פאַזע).

שמואל: (שטיל, און פול מיט עגמת נפש) אוי, רבונו דעלמא

כולו, רבונו של עולם! פארוואס האסטו אונדז אזוי געשטראפט, אז מיר, דיין פאלק ישראל, זאלן זיך ניט קאנען אפרעכענען מיט אזעל-כע רשעים, עוכרים ווי דער אידישער דין פאדערט.

אייזיק: שא, שא, זיי ניט אזא גאט׳ס סטראפטשע און נעם זיך ניט אן אזוי זיין קריוודע. מילא —

שמואל: רעד ניט צו מיר!

אייזיק: וואסע? אויב מארקוס, און נאך אזעלכע ווי ער, אנערקענען ניט קיין גלויבנס, טא זאל זיך יעדער גאט זיין קריוודע אליין אננעמען, אויב זיי זענען אזעלכע ראכע-נעמער ווי דו —

שמואל: איך פארכראקע דיר דאס פנים, אויב דו רעדסט אויס צו מיר נאך א ווארט, דו הערסט!

אייזיק: קוק׳ס נאר אן — גאט׳ס גווארדיע...

איטע: א, לאז אים, אייזיק, צורו. אומזיסט דיינע רייד. ניט צו שמואל׳ן דארפסטו אזוי רעדן. ער איז טאקע דיין ברודער, אבער ער איז זיך ער, און מיר זענען זיך מיר.

שמואל: אט, אט, אחרים זענט איר! —

איטע: (אפ צו מארקוס׳ן, פירט איר האנט איבער זיין קאפ) אך, מיין זון, מיין זון... —

שמואל: (פארזעצנדיק, צו דער זעלבער צייט) ארויסט, אחרים, זייט ניט מטמא מיין הויז!

אייזיק: איי, ברודער, ברודער... און דו מיינסט נאך אודאי אז דו ביזט גערעכט.

שמואל: ווילסטו מיך לערנען?!

אייזיק: ווארום ניט? ביזט טאקע א רב, אבער —

שמואל: דא פון ווענען זיך צו לערנען.

אייזיק: מכל מלמדי השכלתי, שמואל.

מארקוס: א, זאל שוין זיין גענוג, פעטער. —

שמואל: כ׳בין דיר ניט קיין פעטער! כ׳בין אייך א גארניט בין איך אייך!

מארקוס: א גוטע נאכט — (שטרעקט אים די האנט).

שמואל: אוועק, דו, דו!..

מארקוס: הערט אויס: ניט אלס איד, אדער רב, שטרעק איך

אייך די האנט, נאָר אָלם מענטש צו מענטש; קאָנט איר אויך ניט טאָן דאָס זעלבע?

שמואל: כ'וויל אייך ניט קאָנען!

איטע: אַך, זאָל שוין זיין. קומט. אגעק זאָל עס האָבן. (פירט אָפּ אייזיקן).

אייזיק: (פון איטעס אָרמס אַרויס) „גאָט'ס קאָזאַקן"!

שמואל: גיי, גיי, דו אָלעדריגע דו! אַרויס דו סמך־מעם פון מיין הויז!

אייזיק: אַרויס דו טפּוש פון מיין ברודער! (שיסט אויס אַ געלעכטער).

חנה: אַ, זאָל שוין זיין שטיל! פאַרשוויינט אייך שוין אַמאָל איינער דעם צווייטן!

איטע: (שלעפּט אָפּ אייזיקן, אָפּ מיט אים).

מארקוס: (פאַריגנביעט זיך צו סאָניען, געזעגנט זיך מיט איר אויף שנעל, אָפּ).

חנה, סאָניע: (לאָזן זיך זיי באַגלייטן).

שמואל: (פאַרלויפט זיי דעם וועג) איר זייט אין הויז, איר הערט!

חנה: (אָפּ אין אַ צווייטן צימער).

סאָניע: (ציט זיך צוריק, ווערטערלאָז; אָפּ צום פענצטער, קוקט זיי נאָך. — פלוצים דערהערט זיך פון דרויסן אַ טומל, אַ פּיי־פעריי. — סאָניע אָפּ צו דער דרויסן-טיר, רייסט זיך אַרויס).

שמואל: (לויפט איר נאָך, אָבער בלייבט שטיין פון דער זייט שוועל; אָפּ צום פענצטער, קוקט אַרויס, הערט זיך איין. פּאַוזע).

סאָניע: (לויפט אַריין צוריק, היסטעריש) מאַמאַ! מאַמאַ!.. מארקוס אַרעסטירט!.. (אָפּ אין אַ צווייטן חדר).

שמואל: (אַליין) קלמן!.. טאַקע זיינס אויסגעפירט... אָבער איצט איז אַ מצוה... אַזאַ משומד!..

פאָרהאַנג

# דריטע בילד

(אויפֿן צווייטן טאָג. — עס רעגנט)

שמואל: (זיצט ביי זיך אין חדר, לערנט מיט אַ פוילן טאָן; פֿאַנגט אָן דרימלען — שלאָפֿט איין).

סאָניע: (קומט אַריין פון דער דרויסן־טיר אין זאַל אַריין. איז פֿאַרנעצט, מיד און פֿאַרצווייפֿלט, לאָזט זיך שווער אַרונטער אויפֿן דיוואַן).

חנה: (אַריין פון אַ צווייטן צימער; אויף שנעל) נו, וואָס הערט זיך?

סאָניע: נישט גוט, מאַמע, נישט גוט. קיין הילף! מיר לעבן, מאַמע, אין אַ שטיינערנער וועלט, צווישן שטיינערנע מענטשן.

חנה: כ'פֿאַרשטיי גאָרניט... עפּעס אַזוי פון דער העלער הויט אַרויס: געקומען, צוגענומען און כאָטש שריי חי־וקים. — האָסט אים געזען?

סאָניע: יאָ, דורך דער רעשאָטקע.

חנה: וואָס האָט ער געזאָגט?

סאָניע: מע זאָל אים זען ראַטעווען, אַרויסרייסן. וואָס זאָל ער זאָגן...

חנה: דערציילט פֿאַרוואָס דאָס איז?

סאָניע: דאָנאָס (מסירה)!

חנה: פֿאַרוואָס?

סאָניע: דוויזשעניע (באַוועגונג)...

חנה: מאַרקום?

סאָניע: וואָס ווייסט די פּאָליציי...

חנה: ווער האָט דאָס געקאָנט דאָנאָסעווען?

סאָניע: קיין גוטער פריינט אודאי ניט.

חנה: דאכט זיך אז ער האָט גאָרניט אזעלכע שונאים.

סאָניע: (מיטאַמאָל) אפשר קלמן?!

חנה: וואָס פאַר אַ אָבשע האָט ער דען מיט אים?

סאָניע: עפּעס אַ נוגע כבוד איז שוין געגנוג.

חנה: האָבן זיך דען געקריגט?

סאָניע: געהאַט אַ שטיקל סכסוך.

חנה: זאָל ער זיין אזוי פּאַדלע!

סאָניע: דערווייל איז ער דאָרט. מאַמע, מע׳ וועט אים פאַר־שיקן, פאַרשיקן... וואָס טוט מען?

חנה: געזען דעם פעטער?

סאָניע: יענע דראַפּען זיך אויף די גלייבע ווענט... (אַ קורץ טרויעריק שווייגן) ס׳יאָ דאָ איין שליסעלע —

חנה: ווער?

סאָניע: קלמן!

חנה: זאָגסטו דאָך אז ער אליין...

סאָניע: זיכער בין איך ניט. אזוי דענק איך. נאָר אויב טאַקע יאָ, איז וואָס-זשע מיינסטו — איז דער אומגליק נאָך גרעסער.

חנה: וואָס-זשע דענקסטו צו טאָן?

סאָניע: אַך, יאָ, קלמן זאָל וועלן... אָבער צו אים דאַרף מען שוין אויך אַ שליסעלע.

חנה: צו וועמען?

סאָניע: צו וועמען — צום מסור!

חנה: אפשר שיקן דעם טאַטן?

סאָניע: דער טאַטע? כאַ, יענער טאַנצט, איז מלא גדולה.

חנה: איז אפשר דורך ברוך׳ן?

סאָניע: שוין גערעדט מיט אים.

חנה: וואָס זאָגט ער?

סאָניע: דאָס וואָס אלע זאָגן: „נאָך פאַר אַ משומד גיין איי־רייסן די וועלט" (קורצע פּאַוזע).

חנה: איך׳ל אַריבערגיין צו קלמנ׳ען!

סאָניע: דו?.. ניין, ניין מאַמע. איך וויל ניט. איך וויל ניט.

חנה: וואָס זשע דען, מיין קינד?

סאָניע: צו אַזאַ נידעריקן נפש זאָלסטו גיין בעטן טובות?

חנה: אָבער אַז מע׳ דאַרף דעם גנב, שניידט מען אים אַרונ־טער פון דער תליה. אַ ברירה...

סאָניע: ניין!... ליבערשט... אַך!... (נאָך אַ פאַרצווייפלט שווייגן) איך׳ל אַליין גיין צו אים!

חנה: (פאַרכאַפּט) וואָס רעדסטו — —

סאָניע: (שפּרינגט האַסטיק אויף, מאַכט אַפאָר נערוויאיושע שפּאַן איבערן צימער).

חנה: (זיך בעטנדיק) ניין, ניין, מיין קינד. איך׳ל ניט לאָזן אַז דו זאָלסט גיין צו אים — צו אים אין הויז אַריין. איך קאָן אים צו גוט. מיט אים צו בלייבן אונטער פיר אויגן?.. — שאַ, אויב דו ווילסט שוין גאָר, וועל איך אַריבערגיין צו אים און אים רופן אַהער. און דאָ וועסטו שוין מיט אים רעדן, יאָ?

סאָניע: (שטייט אין דער מיט חדר. ברעכט פאַרצווייפלט די פינגער).

חנה: איך כאַפּ שוין אויף זיך דעם שאַל און גיי. (אָפּ, שנעל, אין אַ צווייטן צימער).

סאָניע: (שטעלט זיך ביים פענצטער, קוקט אַרויס. פּאַוזע. רייסט זיך פלוצים אָפּ, פול מיט אימפּעט) מאַמע! קלמן גייט!.. ער קומט אַליין אַהער!

חנה: (שוין מיט אַ שאַל אויפן קאָפּ; לויפט אַריין, כאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער, צוטראָגן) ווי אַזוי־זשע וועט זיין אַצינד?.. — ווייסטו וואָס: אויב שוין ביי זיך יאָ שטוב, וועל איך פריער מיט אים אַליין רעדן. אפשר... לאָמיך הערן וואָס וועט ער זאָגן. נאָר אויב ס׳וועט ניט העלפן, וועל איך נאָכדעם דיך אַריינרופן. — (טריט היו־טער דער טיר) ער קומט! (כאַפּט אַרונטער פון זיך דעם שאַל).

סאָניע: נו גוט, מאַמע: אָבער זיי דאָ מיט אים זייער־זייער אויסגעהאַלטן. — אַך. פון וועמען מע׳ דאַרף דאָ זוכן הילף! (אָפּ שנעל. שטייט דאָרט די גאַנצע צייט אונבאַמערקט, הערט זיך איין).

קלמן: (אַריין) גאָט העלף.

חנה: אַ גוט יאָר. — אין אַזאַ רעגן?.. גיט אַהער דעם זאָנ־טיק; גיט אַהער.

קלמן: ר׳ שמואל אין דר׳היים?

חנה: יאָ... כאַפּט אַ דרימל. — זיצט.

קלמן: וועל איך שוין שפּעטער צוקומען.

חנה: רוט זיך אָפּ אַביסל... אין אַזאַ אומקומעניש.

קלמן: ס'מאַכט ניט. כ'בין שוין געוואוינט דערצו.

חנה: איר מוזט ליב האָבן אַרומצוגיין אויף רעגנס... נאָר פאַראַן אַסך אַזעלכע...

קלמן: וואָס? ליב האָבן? סיידן משוגעים. נאַטירליך, סיידן אַז מע' מוז — גייט מען. אינה דומה אין אַ שטורם, — אין אַ שטאַרקן שטורם, אַז די ערד זאָל ציטערן; אָדער אין אַ געדיכטן טרוקענעם שניי, — פאַרשטיי איך נאָך. יאָ, דאָס האָב איך זייער ליב. אָבער אין אַזאַ קיסעלעציע — פּע!

חנה: אָבער וואַרום זיצט איר ניט? ס'וועט אייך דען קאָסטן טייערער?

קלמן: ווער רעדט דאָ פון קאָסטן? און אַפילו ווען יאָ, שפּילט ביי מיר געלט די קלענסטע ראָלע. די פראַגע איז — (ווערט איינשוויגן).

חנה: זיצט, וועל איך אייך מיט עפּעס מכבד זיין... מאַכן דעם סאַמאָוואַר... איר זענט דאָך ניט קיין פרעמדער.

קלמן: (דורך אַ כיטרע שמייכל) אַ מאָדנע זאַך... ווייזט אויס אַז אַלעם איז נאָך דער פּאָגאָדע: איז היים — שלאָגן מענטשן טאָפּליעס. שטורמט — בעט מען זיך איבער. און רעגנט — צובינדט זיך די צונג, און מע' רעדט... איז דאָס טאַקע ווייל עס רעגנט?

חנה: וואָס מיינט איר?

קלמן: כ'מיין... איך ווייס ניט וואָס איך האָב דאָ צו פאַרדאַנקען אייער גאַסטפריינטשאַפט. דאַכט זיך, ניט דאָס ערשטע מאָל אַז איך קום אַריין צו אייך, און פונדעסטוועגן געדיינק איך ניט, אַז איר זאָלט ווען אויסרעדן צו מיר צוויי נעציילטע ווערטער מיטן מינדסטן אינטערעס, און איצט — בעט איר מיך זיצן, רעדט ווי צו אַ גלייכן. און אַט ווילט איר נאָך מיך מכבד זיין מיט טיי. — און נאָך ספּעציעל פאַר מיר אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר!.. עפּעס מוז דאָך דאָס אַלעס מיינען, ניין?

חנה: יאָ, ה"ר קלמן... כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך האָב צו אייך אַ בקשה.

קלמן: אָ, אַזוי פאַרשטיי איך. — דהיינו וואָס?

חנה: מסתמא האָט איר דאָך געהערט וועגן מיין פּלימעניק, יאָ?

קלמן: (פאַר זיך) מם, האָב איך דאָך דאָס פאַרשטאַנען. — (לויט) וואָס פאַר אַ פּלימעניק? וואָס געהערט?

חנה: דאַכט זיך אַז די גאַנצע שטאָט ווייסט שוין, קלינגט דערמיט.

קלמן: ווי קאָן היימן אַ גאַנצע שטאָט, ווען איך ווייס ניט?

חנה: איז מיר טאַקע אַ חידוש.

קלמן: מסתמא עפּעס אַ קלייניגקייט. ווען ניט וואָלט איך דער־ערשטער געוואוסט.

חנה: מ׳האָט דאָך אייזיק׳ס זון אַרעסטירט.

קלמן: דעם קאָמערסאַנט?

חנה: ניין, דעם סטודענט.

קלמן: כ׳האָב דאָך דאָ ערשט נעכטן מיט אים גערעדט, (נעמט אַרויס פּאַפּיראָסן).

חנה: איר זוכט אַ שוועבעלע? די רגע. (אָפּ).

סאָניע: (לויפט איר נאָך).

קלמן: (אַליין) ווי דאָס איז געוואָרן אַזוי ווייך, כאָטש צו אַ מכה צוצולייגן, כאַ-כאַ... אַ מין אוסלוזשעוועץ!.. היפּאָקריטן! איך האַלט אייך איצט אַלעמען אין די הענט! — און דער טאָכטער אַליין, דער פּאַניענקע, שטייט ניט אָן צו־צוקומען מיך בעטן. די מאַמע אונ־טערגעשיקט... אָבער ניט פאַר אומזיסט קריגט מען ביי קלמן׳ען טובות. אַ, ניין! עפּעס פאַר עפּעס! און פאַר אַזאַ זאַך — די טאָכטער אַליין! די טאָכטער, אָדער גאָרניט!.. אומזיסט האָב איך אים אַהין פאַר־פּאַקט?..

חנה: (אַריין; דערלאַנגט אים שוועבל).

סאָניע: (שטעלט זיך ווידער הינטערן פּאָרהאַנג).

קלמן: אַזוי... זאָגט איר מ׳האָט אים אַרעסטירט? פאַרוואָס איז? (פאַרוויכערט).

חנה: זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז.

קלמן: (לאָזט אַרויס אַ פול מויל רויך, קוקט אויף דער לעצ־טער מיט אַ שעלמישן בליק) איז וואָס־זשע ווילט איר, הייסט עס?

חנה: אַך, ר׳ קלמן! ווען איר וואָלט נאָר געוואָלט...

קלמן: איך? וואָס בין איך עפּעס, אַ קיסר? אַ איד ווי אַלע אידן.
חנה: און פונדעסטוועגן אַט האָט איר ברוך'ן אַ טובה געטאָן, און נאָך וועמען —
קלמן: (דורך אַ פאַלשן ערנסט) ברוך'ן? מיט וואָס?
חנה: מע' ווייסט, מע' ווייסט... אַז איר ווילט — קאָנט איר.
קלמן: נו, מילא, ברוך... איז דאָך עפּעס ברוך מיינער אַ חבר. אינאיינעם אין איין טייך שטיינדלעך געוואָרפן, „באַבקעס" געמאַכט. אָבער איר?... איר שעמט זיך דאָך מיט מיר. און ער, אייער פּלימעניק, האָט דאָך מיך נאָך אָנגערופן גראָביאַן, און וואָס ניט...
חנה: ווען?
קלמן: אָט דאָ, ערשט נעכטן.
חנה: מסתמא האָט איר אים אַריינגעבראַכט אין כעס. אָבער ער האָט דאָס ניט געמיינט. ס'איז בכלל ניט אין זיין טבע יענעם צו באַליידיקן.
קלמן: כעס?.. נו, זאָל זיין אַזוי. אָבער שכרות און כעס ברענגט דאָך אַלעס אַרויף אויף דער צונג, דאָס וואָס מ'האַלט אין זיך אין דער געוויינלעכער צייט. — ניין! פאַר מאַרקוס'ן קאָן איך גאָרניט טאָן.
חנה: איז ביי אייך רעכט מע' זאָל נעמען אַן אומשולדיקן מענטשן און פאַרשיקן?
קלמן: איך פאַרשיק אים ניט. דערויף איז פאַראַן אַ געריכט, אַ געזעץ.
חנה: און דאָך וויפל אומשולדיקע ווערן געהאָנגען, און וויפל קומען אום אין די אָסטראָגן. —
קלמן: בין איך שולדיק? מסתמא איז דאָך דאָס לעבן אַזוי. — מדאַרף גיין.
חנה: ר' קלמן! איך בעט אייך...
קלמן: הערט!.. איר ווילט איך זאָל אייך טאָן אַ טובה, יאָ?
חנה: איך בעט אייך, ווי מיינעם אַ ברודער.
קלמן: וועט איר מיר אויך טאָן אַ טובה?
חנה: איך — אייך אַ טובה?.. איר לאַכט פון מיר?.. וואָס קאָן איך צו איינפאַכע פרוי טאָן פאַר אייך?

קלמן: זייער פיל.

חנה: מ'מיר הערן. אפשר. נאר איך קאן זיך גארניט פארשטעלן וואס...

קלמן: אייער סאניע האט ליב מארקוס'ן, יא?

חנה: קינדער... אויסגעוואקסן אינאיינעם.

קלמן: אויסגעוואקסן מיט מארקוס'ן, יא?

חנה: פון קינדעווייז אן.

קלמן: האט ער עפעס אין לעבן געטאן אמאל פאר איר?

חנה: כ'פארשטיי ניט וואס איר מיינט.

קלמן: ניין? א, גיכער מאכט איר זיך אז איר פארשטייט ניט. —

חנה: איך?.. חלילה!

קלמן: האט אייך ה"ר שמואל גארניט וועגן מיר דערציילט?

חנה: עפעס געדענק איך ניט.

קלמן: דערמאנט זיך נאר...

חנה: (נאך א קורץ שווייגן) יא... אבער... ר' קלמן...

קלמן: חנה! אויב איר זענט א מאמע, און איר ווילט זען אייער קינד א גליקליכע — בין איך דער וואס קאן זי מאכן גליקליך. זי, און אייך אלעמען. איר ווייסט אז איך האב דאס ביד.

חנה: אבער, ר' קלמן...

קלמן: אן קיין אבער... הערט! איך וועל מיט אייך רעדן אפן: איך ליב אייער סאניע'ן און איך וויל זי זאל פאר מיר חתונה האבן. און איך גלויב, אז איך האב א פולע מאראלישע רעכט דאס צו וועלן, און פארלאנגען אפילו אויך! איר, און ה"ר שמואל נאכמער, ווייסן גאנץ גוט וויפל געלט מיך האט אפגעקאסט אויסצוהאלטן איר פארשידענע לערערס, מוזיק, פיאנע און דאס גאנצע הויז אייערס!.. ווען זי איז נאך געווען א קליין מיידעלע, האב איך זי נאך דאן ליב געקראגן. און מיט יעדער יאר וואס זי איז געוואקסן, האט אויך געוואקסן מיין ליבע צו איר. און ווער שמועסט נאך... זינט מיינע איז... ווייסט איר דאך וואס ס'האט פאסירט... און דערפאר, ווייל איך האב סאניעטשקע'ן ליב געהאט, האב איך געטאן אלעס אין דער וועלט, אבי סאניעטשקע זאל ניט וויסן פון קיין נויט, און פון קיין שלעכטן טאג. פרעגט ה"ר שמואל'ן וואס פאר א שלל, וואס פאר א מאיאנטעק דאס האט מיך

אָפּגעקאָסט. ה"ר שמואל ווייסט עס גאַנץ גוט... און איצט, קומט איר און דערציילט מיר — „מאַרקוס איז מיט איר אויסגעוואַקסן". „מאַר־קוס האָט זי ליב". וואָס האָט איר דערפון געהאַט, פרעג איך אייך, און וואָס וועט איר אַצינד דערפון האָבן? ווען ניט איך, וואָלט איר דאָך געוועזן אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, קיין שטיקל ברויט אין הויז ניט גע־האַט. און וואָלט סאָניע געווען די וואָס זי איז איצט? וואָלט ער זי ליב געהאַט,ווען זי וואָלט געווען אויסגעדאַרט פון הונגער, ווי אַ שפּיינדל? וואָלט ער זי ליב געהאַט — ווען זי וואָלט געווען ניט גע־לערנט?.. ער האָט דאָך פיינט — „גראָביאַנעס"!.. און אַחוץ דעם אַלעמען, ווייסט איר דאָך, אַז ער האָט שוין דאָס „רענדל" אויך אויס־געביטן. וואָס וועט ה"ר שמואל זאָגן? וואָס וועט די גאַנצע שטאָט זאָגן? פאַר חרפּה און בזיון וועט איר דאָך קיינעם ניט קאָנען קוקן אין די אויגן אַריין... נאָר הערט, חנה! וואָס עס זאָל ניט זיין — סאָניע'ן וועל איך פון זיך ניט אָפּלאָזן. חנה! איך וועל פאַר אייך אַלעס טאָן, נאָר זאָל סאָניע מיינע זיין. —

סאָניע: (טרעט אַרויס שטורמיש) קלמן!.. איך בין אייערע!.. וועט איר העלפן באַפרייען מאַרקוס'ן?!

קלמן: יאָ, סאָניאַ!.. (שטרעקט איר די האַנט — נצחון'דיק).

סאָניע: (פאַלט חנה'ן אין די אָרמס) מ—אַ—מ—אַ— !

שמואל: (וואַרפט זיך דורך, קוקט אַריין מיט גלאָציקע, פאַר־שלאָפענע אויגן).

פאָרהאַנג

# פירטע בילד

(עטליכע טעג שפעטער. א׳ן אָוונט. דער לאָמפּ ברענט מיט אַן אונטערגעדרייט פייער).

סאָניע: (שטייט ביים פענצטער, זינגט מאַלאַשקין׳ס אַ ליד; שטיל און געדריקט).

“Так жизнь молодая проходит безследно,
А там, там и близко конец!
И все как посмотришь, так пусто, так бледно,
Знать смерть мне лавровый венец.

Чем вспомнить кипучую жизнь молодую,
Любовью ль холодной, любовью ль безстрастной,
А сердце стучится в грудь молодую...
Застынь-же ты , сердце, и с жизнью, с жизнью ненастной!

Так жизнь молодая проходит безследно,
А там, там и близко конец!
И все как посмотришь, так пусто, так бледно,
Знать смерть мне лавровый венец.“

(אַזוי דאָס יונגע לעבן גייט שפּורלאָז פאַרביי,
און דאָרט, דאָרט איז נאָענט דער סוף!
און ווען דו באַטראַכסט אַלץ — אַזוי בלאַס, אַזוי פּוסטע,
דער טויט איז מיין לאָרבער קראַנץ ווייזט אויס.

מיט וואָס דאָס יונגע לעבן דאָס ברויזיקע דערמאָנען,
מיט ליבע אַ קאַלטער, צו מיט ליבע אָן אייפער,
און דאָס האַרץ איז דער ברוסט אין דער יונגער עס
קלאַפּט זיך..
פאַרגליווער־זשע, האַרץ, מיטן לעבן, מיטן נמאסין לעבן!

אַזוי דאָס יונגע לעבן גייט שפּורלאָז פאַרביי,
און דאָרט, דאָרט איז נאָענט דער סוף!
און ווען דו באַטראַכסט אַלץ — אַזוי בלאַס, אַזוי פּוסטע,
דער טויט איז מיין לאָרבער קראַנץ ווייזט אויס).

(ברעכט אויס אין אַ שטילן געוויין. פּאַוזע).

**מאַרקוס:** (אַריין, פון דער דרויסן־טיר).

**סאָניע:** (מיט אַ קוויטש פון פרייד) מאַרקוס!... (לויפט צו צו אים, פאַלט אים אויפן האַלדז).

**מאַרקוס:** סאָניאַ!.. (קורצע פּאַוזע).

**סאָניע:** מאַרקוס! איך בין פאַרלוירן, מאַרקוס... מיר ביידע פאַרלוירן...

**מאַרקוס:** מיין טייערע! וואָס האָט פּאַסירט?

**סאָניע:** כ'קאָן עס דיר ניט זאָגן...

**מאַרקוס:** סאָניאַ! מוטשע ניט, איך בעט דיך. זאָג, וואָס האָט פּאַסירט?

**סאָניע:** מאַרקוס!.. מיר זענען איצט... מיר זענען איצט פרעמדע — — — — — —

**מאַרקוס:** וואָס מיינט דאָס, סאָניאַ?!

**סאָניאַ:** מיר זענען צעריסן —

**מאַרקוס:** אַ — ?!

**סאָניאַ:** כ'האָב רואינירט מיין לעבן, און פאַר גאָרניט.

מאַרקוס: סאָניעטשקאַ! שנייד ניט מיין האַרץ; זאָג, וואָס איז געשען?

סאָניע: איך וואונטש זיך דעם טויט אצינד!

מאַרקוס: סאָניאַ! וואָס זענען דאָס פאַר ווערטער?

סאָניע: אָט דער פאָרטרעט!

מאַרקוס: קלמן? איז וואָס?

סאָניע: ער האָט מיך באַשווינדלט —

מאַרקוס: וואָס?

סאָניע: צוליב דיר... פאַר דיין פריוהייט...

מאַרקוס: נו?

סאָניע: ער האָט מיר פאַרשפּראָכן דיך אַרויסצערייסן פון טערמע, אָבער ניט אַנדערש ווען איך'ל פריער ווערן זיינע —

מאַרקוס: און...

סאָניע: און איך האָב זיך מקריב געווען...

מאַרקוס: אַך, סאָניאַ, סאָניאַ!.. וואָס האָסטו געטאָן!.. וואָס האָסטו געטאָן!.. אַזאַ זשערטווע... אַזאַ זשערטווע — כאַ־כאַ־באַ!.. (פאַרגיסט זיך היסטעריש, פאַלט צו צום טיש).

סאָניע: האָסטו אַליין ניט געזאָגט, דאַן ווען איך בין געווען ביי דיר דיך זען אין טערמע: „טו אַלעס און רייס מיך אַרויס, ווען ניט שיקט מען מיך אַוועק"? — האָסטו אַזוי ניט געזאָגט?

מאַרקוס: (רייסט זיך אָפּ פון טיש, מיט אַמאָל) וואו איז ער!.. גלאַט יועט דאָס אים ניט אַרונטער! אָ, זיין מאַסקע וועל איך אים שוין איצט אַרונטער־רייסן! (רייסט, ווילד, אַרונטער קלמן'ס פאָטאָגראַפיע פון דער וואַנט; צעררייסט די בילד אויף שטיקער, טרעט ויי מיט די פיס) וואו קאָן איך אים זען? אָבער איך'ל אים שוין געפינען! פון אונטער דר'ערד וועל איך אים אויסגראָבן און זיך מיט אים אָפּרעכענען! (אָפּ צו דער טיר, שטורמיש).

סאָניע: מאַרקוס! (פאַרהאַלט אים) מאַרקוס!.. מ'דאַרף ניט. מ'דאַרף ניט. ניט אַזוי. כ'האָב מורא פאַר דיין כעס. ער איז שטאַרקער פאַר דיר.

מאַרקוס: דאָס שרעקט מיך גאַנץ ווייניק. וועלן מיר זיך מעסטן מיט די כחות. לעבן אָדער טויט! איך, אָדער ער! זיינס מוז ער קריגן!.. — (אַ צוריקגעהאַלטענער קלאַפּ אין פענצטער).

ס אָ נ י ע : (צוטומלט) ווער איז דאָס? ווער קאָן דאָס זיין?

מ א ר ק ו ס : ש־ש־ש... (אַ קוק אַרויס דורכן פענצטער) דאָס רופט מען מיך.

ס אָ נ י ע : וואוהין?

מ א ר ק ו ס : בלוט פארגיסן...

ס אָ נ י ע : ב ל ו ט : ? !

מ א ר ק ו ס : די פּאַרטיי פאָדערט דאָס, סאָניעטשקאַ. איין טייל פון לעבן שלאָגט זיך מיט דער צווייטער טייל פון לעבן, פארשטייסט?

ח נ ה : (לויפט אַריין פון אַ צווייטן צימער) מרדכוניו!

מ א ר ק ו ס : (אומאַרמט זי) טאַנטע!.. (טרערן דערשטיקן אים).

ח נ ה : וואָס מאַכסטו? ווי אזוי האָסטו זיך אַרויסגעריסן?

מ א ר ק ו ס : דורך אַ פריינט, אַ קריסט.

ח נ ה : ווייסן דאָס שוין דיינע?

מ א ר ק ו ס : יאָ, טאַנטע. — אַך, טאַנטע, טאַנטע!.. וואָרום האָט איר דערלאָזט אַז סאָניעטשקע...

ח נ ה : וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מרדכניו?.. בעסער פרעג מיך ניט... פרעג מיך ניט, מיין קינד... ווייסט דאָך שוין מסתמא וואָרום. — (ווידער אַ קלאַפּ אין פענצטער).

מ א ר ק ו ס : אַך, טאַנטע... דאָס הארץ רייסט זיך אויף שטיקער... עס רייסט זיך! עס רייסט זיך!.. עס פּלאַצט! (אָפּ שנעל).

ס אָ נ י ע : (פאַלט חנה'ן אין די אַרמס, אַ פאַרוויינטע שטילקייט. — פון הינטער דער טיר דערהערט זיך קלמן'ס שטימע).

ח נ ה, ס אָ נ י ע : (אָפּ אין אַ צווייטן צימער).

ש מ ו א ל, ק ל מ ן, ב ר ו ך : (קומען אַריין).

ק ל מ ן : (פאַרזעצודיק אַ פריערדיקן געשפרעך) און נאָך מאָרגנדיקן טאָג מוז גערופן ווערן די אסיפה. אַלעם מוז ווערן אַרומגערעדט.

ש מ ו א ל : יאָ, יאָ; נאָך מאָרגן, נאָך מאָרגן. און טאַקע בלי תירוץ.

ק ל מ ן : איך האָב געהערט אַז עפּעס אַ קריסט האָט אַרויסגענומען אייער ברודער'ס „בן" אויף ערבות.

ש מ ו א ל : טאַקע?

קלמן: יאָ, אַזוי האָב איך געהערט. אָבער נישקאָשע, שווער, לאַנג וועט ער ביי מיר ניט הוליען.

שמואל: א משומד צו-להכעיס!

קלמן: און ווייסט איר, שווער, וואָס נאָך איך דענק צו טאָן? די גאַנצע „ציציליסטישע" משפחה אויך פאַרפעקלען.

ברוך: נו, דאָס איז שוין אַביסעלע צו פיל.

שמואל: יאָ... זיי וואָלט מען טאַקע אפשר ניט באַדאַרפט טשעפּען.

קלמן: נישקאָשע, איבערשרעקן אַביסל, לערנען זיי אַביסל דרך-ארץ מאַכט ניט אויס. פאַררייסן מיר שוין צופיל די נעזער, און דאָס האָב איך פיינט. ביי קלמן'ען זענען ניטאָ קיין יחסנים. פאַר מיין דוך דאַרפן זיי ציטערן! אויב ניט קיין ליבע — איז כבוד!

שמואל: (וואַרפט אויף אים אַ גיפטיקן אונטערשטערנדיקן בליק; אָפּ מיט ברוך'ן אין אַ צווייטן חדר).

קלמן: (שפּרייזט אַרום, פּאַוזע).

ברוך: צוריק אַריין, געזעגנט זיך מיטן לעצטן, אָפּ).

קלמן: (דערזעט פּלוצים די צעריסענע שטיקער פון זיין בילד; הויבט זיי אויף) אָה!.. אַזוי!.. עפּעס איז שוין ניט גלאַט. (מאַרשירט אַרום, אויפגעברויזט. קורצע פּאַוזע).

סאָניע: (לאָזט זיך אַריינקומען, דערזעט קלמן'ען האַלטן די צעריסענע שטיקער, ציט זיך צוריק).

קלמן: (דערזעט זי) קום 'הער, קום 'הער... (מיט די רעשט-לעך פון דער פאָטאָגראַפיע הינטער זיך, אויסגעהאַלטן) אנטלויף ניט... האָסט דערזען דיין מאַן, אַנטלויפסטו?

סאָניע: (טרעט אַריין, געשלאָגן).

קלמן: וואָס טוסטו דאָ?

סאָניע: (שווייגט).

קלמן: האָסט קיין היים ניט?

סאָניע: מיין היים איז דאָ.

קלמן: דאָ, אַ!.. — ווער האָט צעריסן מיין בילד?

סאָניע: כ'ווייס ניט.

קלמן: דו ווייסט יאָ! זאָלסט דאָס מיר שוין זאָגן!

סאָניע: (שווייגט).

קלמן: ווער האָט צעריסן מיין בילד, פרעג איך!
סאָניע: (שווייגט).
קלמן: לאָמיך ניט דאַרפן איבערחזר'ן נאָכאמאָל. דו זאָגסט!
סאָניע: ניין!
קלמן: (פאַרטומלט זיך אויף איר) דו זאָגסט?!
סאָניע: טוט וואָס איר ווילט...
קלמן: (אָפּטרעטנדיק) א „טייער ליב ווייבעלע"... „אַן איבער-געגעבן טייבעלע"!..
סאָניע: פאַר א וואָסער א חן זאָל איך דאָס אייך זיין אי-בערגעגעבן?
קלמן: אָבער דעם משומד?!
סאָניע: אים יאָ, און טוט מיר עפּעס דערפאַר.
קלמן: א מאַן זאָגט מען — „דו"!
סאָניע: אפשר נאָך ליב האָבן אויך?
קלמן: א, „ליבע".. (דורך א ביטערן בליק) אזא דוראַק בין איך ניט. (דורך גאַל) וואָס איז דען ליבע? א מיטל צו טרייבן די לע-מישקעס פון דער וועלט, דאָס אַלעס. טרעט איר ניט דעם מיט די פיס ווער עס בעט אייער ליבע?
סאָניע: און דאָך זענט איר געווען דער ערשטער, וואָס —
קלמן: שווייג! לאָז רעדן! איך רעד אצינד!
סאָניע: איר האָט דאָך מיך געפרעגט —
קלמן: איך האָב גאָרניט געפרעגט. כ'האָב ניט וואָס צו פרעגן. כ'ווייס אַן דיר. ווי ארעסטאַנטן דאַרף מען אייך באַהאַנדלען! אין קייטן קאָוועןן! קאַטעווען, מיט אַן אַראַפּניק שטיקער רייסן!
סאָניע: (וואַרפט אויף אים א סאַרקאַסטישן בליק, שווייגט)
קלמן: (וואָך א פּאַוזע) א פרוי'ס ליבע!.. וועסט דאָך ניט גע-פינען קיין איינעם, וואָס זאָל האָבן געליבט אמאָל א פרוי און ניט געוואָרן אָפּגענאַרט צולעצט! יאָ, א גאָרניט איז דער, וואָס האָט אפילו איינמאָל אין זיין לעבן געלאָזט א טרער איבער א פרוי!
סאָניע: (איראָניש) אויב אזוי זענט איר ניט קיין „גאָרניט".
קלמן: (דורך א ביטערן שמייכל) איך?.. וואָס מיינסטו?
סאָניע: ווייל אזעלכע ווי איר זענען טרוקענע נפשות, שטיי-נער. וואָס ווייסן אזעלכע פון ליבע!

ק ל מ ן : (נאָך אַ שווייגן, איינגעשטילט, דוד אַן אָנגעווייטיקטן טאָן) ניין, סאָניע. איך בין אויך אַ גאָרניט... יאָ, איך האָב אויך אַמאָל צו אַ „קליידל”, ווי צו אַ גאָט געדינט. ווי אַ לאַקעי פאַר זיין פריין כורעים ומשתחווים געווען. האָט זי גערעדט, האָט זיך מיר געדאַכט — אַז מלאכים זינגען!.. און פאַר איר ליבע — וואָס פלייג איך ניט טאָן! מיין לעבן, מיין נשמה, מיט מיין שטאָלץ פלייג איך שטענדיק מיט פרייד פאַר קרבנות ברייינגען. און פלייג זיך אַמאָל, חלילה, אויף איר בעקעלע אַ קאַטשע טאָן אַ טרער — פלייג איך דאָך פאַר האַרץ-ווייטיק שיר ניט משוגע ווערן. און צום סוף, ווייסטו וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ טרער? כאַ-כאַ־כאַ... ווייל איר ליובאָווניק האָט זי געהערט ווי דעם קאָטער!

ס אָ נ י ע : האָט זי, הייסט עס, אייך ניט ליב געהאַט.

ק ל מ ן : דאָס וואָלט מיך נאָך אַזוי ניט געאַרט. זי פלייג דאָך אָבער, די קאַנאַליע, מאַכן אָנשטעלן אַז זי האָט מיך יאָ ליב און איך בין נאָך ביי איר דער איינציקער!.. אַך, איך דוראַק! איך באַטראַכט נאָר ניט איינמאָל, וויפל טרערן שטילערהייד איך פלייג פאַר איר פאַר־גיסן, טאָמער האָט זי זיך אַביסעלע אָנגעבלאָזן, די מאָרדע אַראָפּגעלאָזט. און אַלעס פלייג איך, לעקיש, נעמען אויף זיך! אפשר האָב איך ניט גענוג פאַר איר יוצא געווען; אפשר איר דעם האָנאָר אָנגערירט. און זי!.. איך האָב געליטן, און זי האָט זיך קאַנאַליש אויסגעלאַכט!.. און דאָך! און דאָך פלייג איך, לעקיש, בהמה, בצורת קלמן, שטיין ווי אַ ~~ניאַנ־קעלע~~ און וואַרטן און האָפן טאָמער וועט פאָרט אין איר האַרץ זיך דערוועקן צו מיר עפּעס אַ שטיקעלע ליבע. אָבער אומזיסט! אומזיסט איז געווען מיין וואַרטן, מיין האָפן, מיינע מיינע טרערן! און איינמאָל, ביינאַכט, שטילערהייד... אַ?.. אָט פונקט אין דער נאַכט, צוריק מיט... אָ, שוין גאַנץ לאַנג. דו ביזט נאָך דאַמאָלט געווען אַ קליין מיידעלע. (דוד וואַרגנדיקע טרערן און פאַרקריצטע ציין) אָ, די נאַכט!.. די נאַכט וועל איך קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן! קיינמאָל, קיינ־מאָל... ווען זי! זי, מיין ערשטע געליבטע; די, וועלכע איך האָב אַזוי אמת ליב געהאַט, — און צום סוף איז זי אַוועק מיט אַ צווייטן! און ווען?.. פונקט אין דער נאַכט ווען אַלעס איז שוין געווען גרייט צו דער חתונה!.. פון דאַמאָלט אָן — — — (רייסט אָפּ מיטאַמאָל, ווערט איינשווייגן. אַ ווײַלע שפּעטער, ווידער גיפטיק) יאָ, איר פּראָקליאַטע

ווייבער! ווער עס בויעט אויף אייך זיין לעבן, זיין גליק, דער בויעט פאר זיך בלויז א רואינע! א רואינע!.. פארשטייסטו שוין, דו!.. פאר־שטייסטו שוין ווארום איך באהאנדל דיך אזוי?!

סאניע: פריטשיאם־זשע בין איך דא?

קלמן: א, פאר מיין יעדער טרער וועט ליידן א פרוי!

סאניע: ווילט איר, הייסט עס, ווערן א פרויען־טיראן?

קלמן: (פארשווייגט).

סאניע: קלמן... הערט... לאמיר זיך דורכרעדן ווי צוויי גלייכע מענטשן. פארגעסט דערין וואס געווען. אמת, ליבע איז צו אן איידעלער ביסן. שווער צו געפינען... זוכט בעסער די פריינטשאפט.

קלמן: דאס דארף איך ווייט ניט זוכן. דער שליסל דערצו איז געלט, און דאס האב איך.

סאניע: וואס־זשע דען, ליבע? דערפון לאכט איר זיך דאך אוים.

קלמן: סאניא! (נעמט זי לייבט ארום) ווייסטו אז איך בין ניט אזוי שלעכט, ווי דו דענקסט איך בין.

סאניע: אפשר... אבער איך זע בלויז אייער פארדארבנקייט. און דאס ערשטע, ווארום האט איר מיך אפגענארט? אזוי מיאוס אפגענארט. —

קלמן: ווייל איך ליב דיך, סאניא! און איך וויל דו זאלסט מיך אויך ליב האבן — אזוי ווי מארקוס'ן.

סאניע: האט איר דאך פריער עפעס געזאגט...

קלמן: דיר וועל איך גלויבן.

סאניע: בלויז מיר?

קלמן: יא, סאניא. ווייל דו ביזט אויף מיינע אויגן אויסגעוואקסן. זאגסט שטענדיק דאס וואס דו פילסט, און דאס וואס דו זאגסט — מיינסטו. און בלויז דערפאר האב איך דיך ליב געקראגן. דערפאר האב איך זיך געלאזט קאסטן געלט, און דיך אויסגעהאלטן אין שענסטן און אין בעסטן. — זאגסט איך בין פארדארבן. ניין, סאניא! דאס האט דאס לעבן מיך געמאכט פאר אזעלכן. איך האב דאך קיינמאל פון קיינעם קיין אמת ווארט ניט געהערט. האב איך באצאלט, געטאן א טובה, האט מען זיך צו מיר געשמייכלט. אבער א גוט ווארט, א ליבן שמייכל פון הארצן; א שמייכל, ניט פאר קיין געלט, ניט פאר

קיין טובה — דאָס האָב איך דאָך פון קיינעם ניט געזען. און איך זוכ'יס ניט פאַרוואָס. אפשר דערפאַר ווייל אַזוי איז שוין דעם מענטשנס נאַטור: דורכאַוים פאַלש — נו, טאַנץ איך נאָך. אָבער אין האַרצן, סאָניאַ — אַך, ווי עס עקלט מיר אָפּ! גלויב מיר, סאָניאַ, עס עקלט, עס עקלט... און דערפאַר: אויב אַלעס איז פאַר געלט; עפּעס פאַר עפּעס — נו, האָב איך מיר אויסגעאַרבעט מיינע אייגענע געזעצן: יאָ, ווערן אַ טיראַן!.. אַ טיראַן, און אויך אַ פרויען־טיראַן, ווי דו האָסט מיך אָקאָרשט אָנגערופן. אָבער אין האַרצן, סאָניאַ!.. אַך, סאָניאַ!.. אין האַרצן בין איך דאָך אַזוי אומגליקליך, מיין לעבן אַזוי טרוקן. וואָס דאַרף איך דאָס געלט, מיטן פאַלשן כבוד, וואָס איך קריג פון יעדן? ניין, עס איז פאַראַן נאָך עפּעס, עפּעס מער ווי דאָס... — נו, סאָניאַ, וואָרום שווייגסטו? זאָג עפּעס.

סאָניע: „איר" רעדט דאָך. און ווען איר רעדט, האָט איך מיר דאָך געהייסן שווייגן — שווייג איך.

קלמן: ניין, סאָניאַ, ניט דאָס. נעם ניט אַזוי אַלעס פאַר מזומן וואָס איך זאָג. ווייל ניט שטענדיק זאָג איך וואָס איך מיין און ניט תמיד מיין איך וואָס איך זאָג. וואָרום? דאָס איז שוין בלויז אַלס געוואוינהייט. און הרגל נעשה טבע. דאָס טו איך דאָך נאָך דער פאַלשער שפּיל פון לעבן, סאָניאַ. סאָניאַ! קאָנסטו ניט פאַרשטיין וואָס איך מיין?

סאָניע: אַז וואָס? אַז איר האָט מיך ליב? האָב איך דאָך שוין פון אייך דאָס געהערט.

קלמן: אַך, וואָרום שטעלסטו מיך מיט דיין „איר" מיטן „אייך"! וואָרום רעדסטו אַזוי קאַלטבלוטיק, אַזוי גלייכגילטיק? וואָרום איז דיין וואָרט אַזוי פול מיט שנאה צו מיר?

סאָניע: גאָספּאָדין פּיערשטיין! מיט קיין אַראַפּניק רופט מען קיין ליבע ניט אַרויס.

קלמן: האָב איך דיר עפּעס שלעכטס געטאָן?

סאָניע: אָפּגענאַרט איז ווייניק?

קלמן: ווייל איך ליב דיך, סאָניע! פאַרשטייסטו דאָס ניט?.. (קורצע פּאַוזע) נו, סאָניאַ... (נעמט זי צאַרט אַרום).

סאָניע: (דרייט זיך אַרויס, אָפּ אָן אַ זייט) וואָס ווילט איר

זאָל איך אייך זאָגן, אַז איך ליב אייך, אין דער צייט ווען איך האָב אייך? איר זוכט דאָך דעם „אמת“.

קלמן: סאָניא! האָסט, דאַכט זיך, פריער געוואָלט עפּעס זאָגן. דערמאָן זיך נאָר. וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

סאָניע: איר זאָלט מיך לאָזן פריי.

קלמן: לאָזן פריי — ?

סאָניע: יאָ, קלמן —

קלמן: (איבערגעביטן, דורך אַ וואַקסנדן טעמפּער) דאָן, אַ דו... ווארום האָב איך פאַר דיר מיין הארץ געעפנט!.. דיך לאָזן „פריי“! זאָלסט קאָנען ווערן דעם משומד׳ס מאַטרעסע!

סאָניע: שווייג!

קלמן: כאַ-כאַ-כאַ... ניין! דו וועסט פריי ניט זיין! און וועסטו אַנטלויפן, וועל איך דיך פון אונטער דער ערד אויסזוכן און מיינע וועסטו זיין — ווען איך זאָל אפילו וויסן מיין לעבן צו פאַרשפּילן! און אויב מיינע נייד, — מיינע בלוטיקע רייד פון האַרצן, — האָבן דיך ניט געקאָנט רירן, דאַן האָב איך אַנאַנדער מיטל: יאָ — אַן אַראַפּניק — ! (האָסטיק אָפּ).

סאָניע: (אַליין. נעמט אַרויס מאַרקוסעס אַ בילד, זעצט זיך אַוועק ביים טיש, קוקט אויף דער בילד) אַך, מאַרקוס, מאַרקוס!.. וועלן מיר נאָך אַמאָל זיין גליקליך?.. (בלייבט זיצן פאַרטראַכט, מיט דער בילד אין דער האַנט, פּאַוזע).

מאַרקוס: (די קליידער איינגעריסן, אָן אַ הוט, די האָר צע-שויבערט, דאָס פּנים צובלוטיקט און אונטער די אויגן בלויע צייכנס. — לויפט אַריין שטיל, אין איין אָטעם, פאַרשליסט נאָך זיך די טיר).

סאָניע: (שפּרינגט אויף, לייגט אַוועק פון דער האַנט די בילד אויפן טיש, אָפּ אַנטקעגן) אַך, מאַרקוס!

מאַרקוס: ששש... פּאָליציי! (לעשט אויס דאָס פייער פון לאָמפּ).

סאָניע: וואָס האָט פּאַסירט?

מאַרקוס: (שנעל שעפּטשענדיק) מיין מיסיע דורכגעפירט.

סאָניע: וואָס פאַר אַ מיסיע?!

מאַרקוס: פון דער דוויזשעניע (פּאַרטיי) —

סאָניע: אַ?.. דו?..

מ א ר ק ו ס: יאָ, סאָניעטשקאָ! ווען די טיורמע מאַכט פאַר אַ גרעסערן פאַרברעכער, מיך האָט זי געמאַכט פאַר אַ קעמפער.

ס אָ נ י ע: וואָרום־זשע איז ביי דיר אַזוי דאָס פּנים, די אויגן?

מ א ר ק ו ס: בלוט פאַרגאָסן: אַ גיפּטיקע „שפּין" צעריבן.

ס אָ נ י ע: אַ שפּיאָן מיינסטו?

מ א ר ק ו ס: יאָ... איך האָב אים אָפּגעראַמט פון וועג... האָט זיך פּאָליציי נאָך מיר געיאָגט. שוין געווען כמעט אין זייערע הענט... זיך אַרויסגעריסן — — (אַ קלאַפּ אין טיר) — דאָס זענען זיי!..

ס אָ נ י ע: קום אַהער, שנעל! באַהאַלט זיך! — (אַ שטאַרק קלאַפּן) — גיכער!

מ א ר ק ו ס: (אָפּ אין אַ צווייטן צימער. — דאָס קלאַפּן ווי־דערהאָלט).

ס אָ נ י ע: (לויפט אַריין צעשראָקן; פאַרגעסט אין מאַרקוסיעס בילד, וואָס אויפן טיש; עפנט אויף).

ק ל מ ן (קומט אַריין. קוקט פאַרדעכטיק אַרום זיך).

ס אָ נ י ע: שוין שטאַרקער קלאַפּן ניט געקאָנט?!

ק ל מ ן: און וואָרום האָסטו באַלד ניט אויפגעמאַכט?

ס אָ נ י ע: (פאַרשטעלט) כ'בין געשלאָפן.

ק ל מ ן: צינד אָן דעם לאָמפּ!

ס אָ נ י ע: (טוט דאָס, אָפּ צום פענצטער).

ק ל מ ן: (קוקט מיט חשד הין־הער) געשלאָפן, אַ?.. (טרעט צו צו איר).

ס אָ נ י ע: כ'האָב'ס אייך שוין געזאָגט.

ק ל מ ן: ניין, דאָ איז עטוואָס אַנדערש!

ס אָ נ י ע: כ'ווייס פון גאָרניט.

ק ל מ ן: ווייסט פון גאָרניט, כאַ־כאַ. מיך ווילסטו נאַרן!

ס אָ נ י ע: (שווייגט).

ק ל מ ן: וואָרום גייסטו ניט אַהיים?

ס אָ נ י ע: (ענטפערט ניט).

ק ל מ ן: וואָס טאָרטשעסטו דאָ?

ס אָ נ י ע: (שווייגט).

ק ל מ ן: וואָרום ענטפערסטו ניט!

ס אָ נ י ע: כ'ווייס פון גאָרניט.

קלמן: ווארום האָסטו געמאַכט פינצטער?

סאָניע: כ'האָב... געכאַפּט אַ דרימל.

קלמן: אָ, עמיצער איז דאָ פאַרשטעקט... זאָג, ווער איז דאָ געווען!

סאָניע: (שווייגט, קוקט אַרויס אין פענצטער).

קלמן: (גרייפט זי אָן פעסט פאַר דער האַנט) דו זאָגסט!

סאָניע: לאָזט אָפּ!.. כ'וועל שרייען פון גאַרניט!

קלמן: (אָפּ פון סאָניען, דרייט זיך אַרום; שטעלט זיך אָפּ, קלאַפּט נערוועזיש מיט די פינגער איין האַנט אין דער צווייטער; באַמערקט די בילד פון מאַרקוס'ן, — וואָס ליגט אויפן טיש איבערגעקערט מיטן פנים אַראָפּ; טרעט צו מיט געצייליטע, ניט זיכערע טריט).

סאָניע: (דערמאָנט זיך פּלוצים אָן דער פאַרגעסענער פאָטאָגראַפיע, שפּרינגט צו, כאַפּט די אונטער).

קלמן: (רייסט זי אויס פון איר האַנט) אהאַ!.. ער!

סאָניע: גיט אהער די קאַרטע!

קלמן: (צערייסט די בילד, דערלאַנגט איר די שטיקלעך) נאַ...

מאַרקוס: (צייגט זיך אומבאַמערקט הינטערן פאָרהאַנג, שטייט מיט פאַרקריצטע ציין, רייסט זיך אויף אַריינצושפּרינגען, האַלט זיך אָפּ). —

סאָניע: (גלייכצייטיק, צו קלמן'ען) נאַכאַל! גראָביאַן! (כאַפּט אויף די שטיקלעך, מיט קאָנוואולסיווע פינגער).

קלמן: אהאַ!.. ווי אַ פיש וועל איך דיך צערייסן, דו פאַלשע מאַטרעסע, דו!.. שוין זאָלסטו מיר זאָגן ווער ס'ליגט דאָ פאַרשטעקט!.. אפשר ער?!

סאָניע: (שווייגט).

קלמן: דו זאָגסט!.. (ציט אַרויס פון אַרבל אַן אַראַפּניק) דו זאָגסט?!

סאָניע: (ציטערט אויף; פעסט) ניין!

קלמן: (מיטן אַראַפּניק איבער אירע פּלייצעס) דו זאָגסט —

מאַרקוס: (אַריין מיטאַמאָל, שפּרינגט צו פלינק, מיט אַ רעוואָלווער אָנטקעגן) שטיי! קאַניבאַל — !

קלמן: דו — ?! (פאַרטראַגט זיך אויף אים מיטן אַראַפּניק).

מאַרקוס: (מיטן רעוואָלווער פעסט צום לעצטנס ברוסט) אהער גיב!.. שוין!.. (נעמט צו פון איס די בייטש).

קלמן: (האַלב באַזיגט) אזוי... ביזטו דאָס געווען... צו איר — צו מיין פרוי געקומען!

מאַרקוס: שווייג!

קלמן: אום גאָט'ס ווילן...

מאַרקוס: איצט וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

קלמן: וואָס ווילסטו טאָן?

מאַרקוס: דיך לאָזן שווימען אין דיין אייגן בלוט —

קלמן: (אויפגעציטערט) פאַרוואָס? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

מאַרקוס: דו פאַרדאַמטער מסור דו!

קלמן: קומט מיך דערפאַר הרג'ענען?

מאַרקוס: הרג'ענען איז ווייניק! די צונג דיר אַרויסרייסן און צעוואַרפן פאַר די הינט —

קלמן: (זיך טרייסלענדיק) וואָס רעדסטו... גאָט איז מיט דיר... ביזט שוין אַפילו מער ניט קיין איד, אָבער לא תרצח...

מאַרקוס: אָבער לא תחמוד! דו ווילדע חיה דו!

קלמן: וואָס פאַרלאַנגסטו?

מאַרקוס: סאָניע'ן צוריק!

קלמן: אָ?! (מיט אַ רחמנות־פּנים, צו סאָניען) סאָניאַ! זאָג אים... זאָג אים, סאָניאַ; גיי נישט אוועק, סאָניאַ... זאָג אים, זאָג אים...

מאַרקוס: סאָניאַ האָט דיר גאָרניט וואָס צו זאָגן, דו בייזער מענטשן־פרעסער דו!

קלמן: לאָז אונדז אַליין, איך בעט דיך... צעשטער ניט אונדזער שלום־בית, אונדזער ליבע —

מאַרקוס: (פּלאַצט אויס אין אַ געלעכטער) די „ליבע"!.. די „אַראַפּניק־ליבע"!.. נאַ, פאַרזוך! (פאַרטראָגט זיך אויף אים מיט דער בייטש).

סאָניע: (שפּרינגט צו) מאַרקוס! דאָס ניט!

מאַרקוס: האָסט אויף אים רחמנות?

סאָניע: אַפילו אויף אַ חיה איז דאָך אויך אַ רחמנות —

קלמן: אָ? ניין! דאָן שלאָג שוין בעסער! רייס פון מיר שטי־

קער, נאָר אַן „רחמנות"!

מ אַ ר ק ו ס: וואָס טויגן די רעדעס, דו לאָזט זי פריי? כאָטש איך קאָן זי נעמען און גיין, נאָר אַ גט אין קעשענע קאָן ניט קאַליע מאַכן. — נו?

ק ל מ ן: אַזוי מיטאַמאָל? אויף אַזאַ זאַך? גיב מיר כאָטש צייט ביז — ביז מאָרגן אַמווייניקסטן.

מ אַ ר ק ו ס: אַהאַ, צייט גיבן, אויף וואָס? אויף צו קאָנען דאָ-נאָסעווען? ניין! אָט שוין וויל איך וויסן דיין ענטפער, אָדער —

ק ל מ ן: נו גוט... אויב אַזוי — דאַן שיס! איך בין ביי דיר אין דער האַנט... נו גוט... אויב דאָס איז יושר... אויב דאָס איז יושר בין איך מכין... שיס, דו מערדער דו! נו, שיס, שיס!..

מ אַ ר ק ו ס: וואָס, איך בין דער מערדער, און דו ביזט דער צדיק? נו גוט; אויב אַזוי, דאַן זשערטווע איך מיט מיין לעבן און גיב זיך איבער אין דיין האַנט, צו דיין יושר. — (דערלאַנגט אים דעם רע-וואָלווער) נאַ, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט —

ס אָ נ י ע: (האַלט אים אָפּ) מאַרקוס! וואָס טוסטו!

מ אַ ר ק ו ס: מיעשאַיע ניט, סאָניעטשקאַ. לאָמיר זען ווער פון אונדז איז דער מ ע נ ט ש. —

ס אָ נ י ע: מאַרקוס! שפּילסט זיך מיט פייער! (האַלט אים פאַר דער האַנט).

מ אַ ר ק ו ס: אַך, סאָניעטשקאַ, לאָז אָפּ! איך וויים וואָס איך טו. (באַפרייט זיך פון סאָניען, גיט איבער דעם רעוואָלווער צו קלמנ'ען).

ק ל מ ן: (כאַפּט אים אַרויס טריאומפאַליש) אַ!.. איצט וועל איך דיר ציינן ווער קלמן איז, ווער עלטער איז! שיסן דאַרף מען וואָגן!.. דו וועסט מיר שטערן מיין לעבן, מיין גליק — שטאַרב, דו כלב! (צילט זיך אויף מאַרקוס'ן — אַ קנאַל).

מ אַ ר ק ו ס: (שיסט אויס, גלייכצייטיק, אין אַ ווילדן הילכיקן געלעכטער, כאַפּט גלייך אַרויס פון אַ צווייטן טאַש אַ צווייטן רעוואָל-ווער, שטעלט אים אָן אימפּעטיק צו קלמנ'ס ברוסט)... נו?.. כאַ-כאַ-כאַ!..

ק ל מ ן: שווינדלער! מיט קינדערשע פּיסטאָלעטן צייגסטו אַרויס דיין כראַבראָסט!?

מאַרקוס: שווייג דו — דו „לא תרצח-פּרעדיקער"!

שמואל, חנה, חייע-גיטל, געצל: (לויפן אַריין, צע־שראָקן, איינער נאָכן צווייטן. בלייבן שטיין צעטומלט).

סאָניע: (לויפט הנה׳ן אַנטקעגן, פאַלט איר אויף׳ן האַלדז).

שמואל: וואָס אי׳ דאָ!

מאַרקוס: ששש... שאַט!

שמואל: דו?! אזוי!.. ווייניק וואָס דו ביזט אַ טריפ׳ענער בּיין, ביזטו שוין אַ גזלן אויך געוואָרן! — לויף שוין, חייע-גיטעלע, נאָך פּאָליציי! —

חייע-גיטל: (רוקט זיך צו אין טומל צו מאַרקוס׳ן, פאַר־קוקט אין לאָך פון פּיסטאָלעט. — קינדעריש) גיב דאָס מיר אויף ניס־לעך קנאַקן...

סאָניע: (לויפט צו, רייסט די אָפּ). —

מאַרקוס: (גלייכצייטיק, צו שמואל׳ן) מ׳דאַרף אין ערגעץ ניט לויפן. אַט בלויז מיט אים בין איך געקומען זיך אָפּרעכענען. (צו קלמן׳ען) נו, זאָג, דו לאָזט זי פריי?

קלמן: שווער! וואָס ווילער פון מיין לעבן!

שמואל: אַז איך וויים ניט וואָס דאָ טוט זיך.

סאָניע: (ציינט אָן חנה׳ן אויף די בלויע צייכנס — אוי אירע הענט און לייב).

מאַרקוס: (נעמט אַרויס פון טאַש פּאַפּירן) חייע-גיטל! אַ טינט און פעדער!

חייע-גיטל: וואָס?.. (צו געצל׳ען) אויף וואָס פעדערן?

מאַרקוס: חייע-גיטל! שנעל!

חייע-גיטל: (אָפּ, אין קיך).

מאַרקוס: און איר, פעטער, זעצט זיך דאָ אַוועק צום טיש. נו!

שמואל: (פול מיט פחד) וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

מאַרקוס: עס מוז נעמען אַ סוף!

שמואל: מ־מיין — ק־קינד... איך — איך בעט דיך... איך־איך ב־בין דאָך אַ... ד-דיין פ־פעטער... וו-וואָס האָסטו צו מיר, צ־

אָן אַלט| אידן? איך האָב דעם עפּעס געלט?.. איך־איך בין דאָך אַ
יבּצן... ווי האָט אַ רב געלט...

מַאַרקוס · (דורך אַ שמייכל) ווער האָט דען עפּעס צו אייך.
און ווער דאַרף אייער געלט. — זיצט!

חייע-גיטל: (לויפט אַריין — מיט אַ פולער האַנט פעדערן).

סאָניע: (דורך אַ שמערצליכן לאַך) אַך, וואָס האָסטו גע־
בראַכט! (אָפּ — קומט באַלד צוריק מיט שרייב־געצייג).

געצל: (בתוכם) ט-טעם אַהער, ה־הייע-דיטעלע. יו-וואָס דו
דאָ'ט שטייט?! ~~[illegible]~~ אָן אַ ווינקל, קושן זיך; רעדן צווישן זיך —
שטיל און מימיש).

מַאַרקוס: (דערלאַנגט קלמן׳עו אַ פּאַפּיר).

קלמן: (בליקט דאָס דורך) מיין גאָט!.. אַ גט?..

שמואל: וואָס —?

מַאַרקוס: יאָ, אַ גט! (צו קלמן׳ען) דאָס וועט אַרונטערנעמען
אינגאַנצן דיינע בערישע לאַפּעס פון איר, מיט דיין אַראַפּניק, מיט
דיין „ליבע”. — (מיטן רעוואָלווער צו זיין ברוסט) שרייב!

קלמן: (טוט דאָס — קאָנוואולס־יו).

שמואל: רבונו דעלמא כולו. וואָס זע איך!.. (רייבט זיך די
אויגן) אפשר אַ חלום?.. — רויבער, מערדער, משומד!

מַאַרקוס: ש-ש־ש! קיין וואָרט ניט מער! (פּאַוזע. נעמט דאָס
פּאַפּיר פון קלמן׳עו, צו שמואל׳ן) איצט אייער חתימה —

שמואל: שרה׳קע! חנה! וואָס שווייגט איר! וואָס הייסט
דאָס!

מַאַרקוס: אָן קיינע שאלות! אייער חתימה!

שמואל: (שרייבט זיך אונטער — מיט קדחתידיקע הענט).

מַאַרקוס: איצט, חייע־גיטל און געצל! אַהער!

געצל: א־איך הייס ניט ג-ג-געצל! א־איך הייס ג-ג־געצעלע-
ה־האָנע הייעס, און ד-דאָס —

מַאַרקוס: פיין, פיין. — נעם שרייב אונטער אָט דאָ דיין
נאָמען.

געצל: ז־זי, מ-מיין ט־טאָלע, טען (קען); איך — ניט.

חייע-גיטל: (טרעט צו) זיין אַ חתונה?

מַאַרקוס: יאָ, אַ חתונה. — שרייב אָן דיין נאָמען.

חייע-גיטל: געצעלע! הער, אַ חתונה! (נעמט זיך שרייבן).

מאַרקוס: נאָר שרייב ניט אַריין די „חתונה" אין גט אַריין. (קוקט איר נאָך) אָט אַזוי. (צו קלמן׳ען) איצט נאָך דאָס וועקסל אויף צען טויזנט רובל, וועלכעס איז אויף סאָניע׳ס נאָמען —

קלמן: גזלן!

מאַרקוס: ששש!.. דיין חתימה — און איך לאָז דיך פריי. — נו!

קלמן: וואָס האָסטו צו מיר?

מאַרקוס: די ראַכע! — נו, שרייב!

קלמן: (טוט דאָס).

מאַרקוס: (מיט די אויגן אויפֿן וועקסל) אויב דאָס פּאַפּיר וועט ניט קאָנען שטילן די שמערצן, מיט די סיניקעס, וואָס דו האָסט איר געמאַכט, דאַן וועט דאָס אַמוּניניקסטן שטילן די ראַכע. (כאַפּט פֿון לעצטנס האַנט דאָס וועקסל, עקסטאַזיש) סאָניאַ! ביזט שוין פריי!.. קום אהער!

סאָניאַ: (אויספּלאַצנדיק) מאַרקוס! (קלעמערן זיך איין אין די אָרעמס).

מאַרקוס: איצט ביזטו מיינע! (קושן זיך).

שמואל: אוי, רבונו דעלמא כולו, רבונו דעלמא כולו!

קלמן: (שפּרייזט אַרום, ווי ער וואָלט זיך קיין אָרט ניט געפינען. מאַרשירט אַרום אין דער העכסטער אויפרעגונג — ווי אַ פּאַר־שפּאַרטע צערייצטע חיה אין אַ שטייג, בייסט זיך די ליפּן).

חייע־גיטל: (איינצייטיק, אימיטירנדיק סאָניע׳ן) געצעלע!

געצל: ה־הייע-ד־דיטעלע! (קושן זיך).

מאַרקוס: סאָניאַ! סאָניאַ! ענדליך ביזטו פריי, פריי! — מאַנטע! קומט אויך מיט אונדז! (אומאַרמט זי) מיר אַלע דריי, ווי די פייגעלעך, וועלן זיך לעבן פריי, פריי!.. מיר אַלע דריי!.. (אָפּ מיט סאָניע׳ן און חנה׳ן, צו דער דרויסן-טיר).

געצל: (אימיטירנדיק) ט־טעם, טעם, ה־הייע-דיטעלע! מ־מיר אויך האָסענע (חתונה) האַבן!.. אויך פ-פ־פריי! (אָפּ מיט חייע-גיטעלע׳ן אין קיך).

שמואל: (צו דער זעלבער צייט) שרה׳קע! חנה! וואָס טוט

איר! וואוהין גייט איר!.. (לויפט זיי נאָך ביז צו דער טיר — טרעפט זי פאַרשלאָסן פון דרויסן. קלאַפּט אין דער טיר מיט די פויסטן — פאַר אַ לאַנגער צייט).

קלמן: (ברומענדיק) אָ, גלאַט וועט דאָס זיי ניט אַרונטער—!

פאָרהאַנג.

## פינפטע בילד

(אַ צימער ביי אייזיק רעמאַן אין הויז. אויף די ווענט הייגען בילדער פון פאַרשידענע שרייבער, מיט דער בילד פון קאַרל מאַרקס בראש... דאָ־דאָרט ליגן זאַכן געפּאַקט אין וועג אַריין... דער לאָמפּ ברענט גאַנץ נידעריק).

מ אַ ר ק ו ס : (ליגט אויפן דיוואַן, דרימלט).

ס אָ נ י ע : (קומט אַריין, מיט אַ פּאָר פּעקלעך אין די הענט; כאַפּט זיך אַריין שטיל און האַסטיק. פאַרשליסט באַלד נאָך זיך די טיר; לייגט אַוועק פון דער האַנט די פּעקלעך אויפן טיש. פאַר זיך). אַך, וועט דאָס באַלד שטורמען — אין דרויסן... אין האַרצן... (כאַפּט אַ קוק אויפן זייגער) וואָס פאַר אַ פוילער וויזער! שלעפּט זיך ווי אַ קליאַטשע. אָבער... שלעפּ יאָ, שלעפּ ניט, נאָך צוויי שטונדן און דאַן — עך, שווייצאַריאַ! שווייצאַריאַ!... — און מאַרקוס שלאָפט... (וועקט אים צערטליך) מאַרקוס!

מ אַ ר ק ו ס : (דערוואַכט לאַנגזאַם; מיט בלאָנדזשענדע אויגן אַרום זיך) אַ ?..

ס אָ נ י ע : (איר קאָפּ אויף זיין ברוסט) וואָס זוכסטו, וואָס קוקסטו, וואָס זעסטו ?

מ אַ ר ק ו ס : פאָרלויפיק, ווייזט אויס, בלויז אַ חלום געווען.

ס אָ נ י ע : אַ שיינער חלום, טייערער ?

מ אַ ר ק ו ס : אַך, סאָניאַ! וואָס פאַר חלומות, וואָס פאַר שרעקליכע בילדער עס שטעלן זיך מיר פאָר ביי יעדער מאָל ווען איך פאַרמאַך נאָר די אויגן. דאָס זע איך פייער; אָדער שטערן, וואָס פאַלן פון הימל צו דר'ערד און ווערן אויף מיין קאָפּ צעשמעטערט; אַז ניט — באָד איך זיך אין טייכן פון מענטשליך בלוט; און עפּעס אַזויפיל

שלײנג און חיות!.. און שטענדיק אין קײטן... און טרערן — אזױפיל טרערן! גאנצע ים'ען... א מבול פון טרערן!.. — סאָניא! װאָס זאָל דאָס מײנען, װאָס זאָל דאָס באַדײטן? זאָל דאָס אַלעם האָבן א שײכות מיט אונדז: מיט מיר, מיט דיר?

סאָניע: אַך, מאַרקוס, דו געדענקסט בלױז די שװאַרצע חלו-מות, די שרעקליכע בילדער. גענוג מיט זײ! יאָ, איך ליב צו הערן חלומות, אָבער שײנע, גרױסע, דערצײל מיר פון זײ.

מאַרקוס: די שײנע, די גרױסע, סאָניעטשקאַ, זענען די אױס־געטראַכטע. די שװאַרצע, די שרעקליכע — אָט זײ שטעלן פאָר דעם אמת. — אַך, סאָניא, סאָניא! נישטאָ פאַרװאָס צו לעבן, נישטאָ.

סאָניע: פאַר דער קאָלעקטיװער, סאָציאַלער באַװעגונג, מאַרקוס.

מאַרקוס: עט, אױך א נאַרישע שפּיל, אַן אומזיסטיקע, א בלוטיקע, מערדערישע שפּיל: ערשט אַריבערגעטראָטן זײער שװעל, און שױן „פאַרשמירט" די הענט!

סאָניע: א „שפּין" צוריבן, איז װאָס?

מאַרקוס: סאָניא, די „שפּין" איז געװען א מענטש! א מענטש פון בלוט און פלײש. א קינד פון א מוטער. איצט ליגט ער אין דר'ערד, און די מוטער מוז נאָך מסתמא ערגעץ זיצן שבעה אױך.

סאָניע: אַך, מאַרקוס, ערשט אָנגעצינדן א פּײערל און שױן װילסטו דאָס אױסלעשן.

מאַרקוס: יאָ, סאָניא, אַזױ װי עס האָט זיך אָנגעצונדן, אַזױ לעשט זיך דאָס — פון זיך אַלײן. א שטורם: א דרײ — און שטיל. — יאָ, סאָניא! דו, דו... א גאַרניט האָסטו געמאַכט פון מיר!

סאָניע: נײן, מאַרקוס; א גאַרניט געװען און א עפּעס געװאָרן. — אָבער גענוג דיר אַזױ צו רעדן. װאָרום גיסן שװאַרצע טינט אין פרישער, װײסער מילך אַרײן? ניט א גאַרנישט ביזטו, נאָר א קעמפער. א מענטש מיט שטרעבונגען. און איצט װעלן מיר בײדע אױפװעקן, זיך אױפװעקן צו די מאַסן אונדזער תורה זײ צו גיבן.

מאַרקוס: עך, מײן ליבע מײדל!.. (דריקט זי צו זיך) ליבע נשמה מײנע!.. יאָ, ליבע איז שטאַרק און מעכטיק. אױך שטאַרק איז די ליבע פון דעם, װעלכער לעבט און ליבט דאָס לעבן בלױז פאַרן בא-גריף, פאַרן געדאַנק װאָס ער לעבט, װאָס ער איז א עפּעס. דאָס איז

גרויס. יאָ, זייער גרויס! און נאָך גרעסער, און שטאַרקער איז די ליבע פון דעם, וועלכער שטרעבט און קאָן דאָס שטרעבנדע ניט דער־גרייכן: צו ווייט, צו הויך זיין ציל אוועקגעשטעלט. אָבער ער גיט זיין קאַמף ניט אויף און קעמפט ווייטער און ווייטער מיטן זעלבן איינ־געשפּאַרטן ווילן, מיטן זעלבן צעפלאַקערטן פייער. דאָס אַלעס מיינט לעבן, און וועלן לעבן. און לעבן און וועלן לעבן, מיינט נאַטירליך ליב צו האָבן דאָס לעבן. אָבער זאָג מיר, סאָניעטשקאַ, וואָס פאַר אַ באַטרעף קאָן האָבן דאָס לעבן צו דעם, וועלכער האָט אַלעס ארומגע-נומען מיט אַ געדיכטן שווארצן צייכן; מיט אַ צייכן פון האַס, פון -- יאָ, וועמעס מילך איז מיט טינט געמישט! פאַר דעם צו וועלכן דאָס לעבן איז ניט מער ווי אַ פייערדיקע ריט: אַ ריט וואָס שמייסט, שמייסט, שמייסט! אַ לעבן פון פּלאָגן זיך און שטעקן אויף'ן פּלאָקן! . די ליבע? נו, קאָן דען ליבע שטילן נשמה-שמערצן, לעשן בראַנדן, אָדער היילן די בלוטיקע, וואונדן פון אַ צעשמעטערט, בלוטיק האַרץ?! קאָן ליבע פאַרטויבן דעם קראַ פון די קראָ — געדאַנקען פאַר ניט — וועגן?.. — סאָניאַ! דו ווינסט?.. אומגליקליכע סאָניעטשקאַ! פון איין פּייער־טיר אַרויס און אין אַ צווייטער פּייער-טיר אַריין... (אַ קורץ שווייגן. מיט אַ צאַרטער האַנט איבער איר קאָפּ, פאַר זיך) עך, שיק־זאַל, שיקזאַל! וואָרום האָסטו זי געטריבן צו מיר, און אָנגעצונדן אַ ליבע אין אונדזערע הערצער! וואָרום האָסטו, בלינדער, נאַרישער קו-פּיד אונדז בעסער ניט צעשיידט! וואָרום האָסטו אונדז נאָך אין אונד־זער עמבריאָ ניט געטויטעט! צו וואָס לעבן און ליידן! רייסן שטיקער פון'ם „איך"! אַך, ווען איך וואָלט זיין שטאַרק גענוג צו קאָנען פאַר־ניכטן מיין ריזיגע תפיסה — דעם „איך", דעם זעלבסט!.. אַך, ווען איך וואָלט דאָס קאָנען; ווען איך וואָלט דאָס קאָנען!... — אַ — ? (אַ טראַכט) זי!.. זי טויטן?.. טויטן — ? (פּאַוזע).

ס אָ נ י ע : (פאַרחלומיט) ליבינקער!.. (טוליעט זיך צו אים; קוקט אים פול מיט ליבע און ליידן אין די אויגן אַריין) וואָס שווייגסטו, וואָס טראַכסטו? זאָג.

מ אַ ר ק ו ס : (שטורמיש, כמעט דורך טרערן) סאָניאַ!... (כאַפּט זי האַרציק אין די אַרמס, קושט זי, ווי פאַרגעסנדיק און הייליק; אַ מין חרטה-קוש. — דרויסן שמייסט אַ שטאַרקער רעגן, עס הערט זיך דאָס אָפּקלאַפּן בולט אין די שויבן. לאַנגע פּאַוזע).

ס אָ נ י ע : (אין זיינע אָרעמס, מיט אַ האַנט איבער זיין קאָפּ) ליבינקער... (נאָך אַ קורץ שווייגן) איז שוין אַלעס גרייט?

מ א ר ק ו ס : (ענטפערט ניט. בלייבט אין זיין פריערדיקער פּאָזע).

ס אָ נ י ע : (באַפרייט זיך גרינג) אַך, עס זאָל כאָטש קיינער ניט אָנקומען; מע׳ זאָל זיך נאָך ניט דערוויסן. גיי, מאַרקוס, מאַך אַלעס פאַרטיק, גרייט אַלעס צו. יעדער מינוט איז טייער. נאָך צוויי שטונדן געבליבן... ניין, שוין ווייניקער. אַך, מיר זאָלן כאָטש קיינעם ניט באַגעגענען. — (טריט הינטערן פענצטער). עמיצער קומט!.. — (אַ קלאַפּ אין קאָרידאָר-טיר. — סאָניע אָפּ, נערוויאיש; לאָזט נאָך זיך אָפן די טיר פון צימער).

מ א ר ק ו ס : (שפרינגט אימפעטיק אויף, כאַפּט די פעקלעך, טראָגט זיי אַרויס אין אַ צווייטן חדר, קומט באַלד צוריק, אויף די שפּיץ פינגער, הערט זיך איין מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם).

ס אָ נ י ע : (פון קאָרידאָר) ווער איז?

ק ל מ ן : (פון דרויסן) איך.

ס אָ נ י ע : ווער?

ק ל מ ן : ק ל מ ן!

ס אָ נ י ע : (צעשראָקן) וואָס ווילט איר?

ק ל מ ן : עפן אויף, סאָניע, איך בעט דיך.

ס אָ נ י ע : איך קאָן ניט.

ק ל מ ן : עפן, איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן. זייער אַ וויכטיקע זאַך.

ס אָ נ י ע : איך האָב פון אייך גאָרניט וואָס צו הערן. גייט אייך.

ק ל מ ן : סאָניע! עס שטורמט! עפן אויף.

ס אָ נ י ע : וואַרט איבער אויף׳ן פּידאַשעק. „דערפון וועט איר קיין סיניקעס ניט קריגן".

ק ל מ ן : איך בעט דיך, סאָניע, עפן.

ס אָ נ י ע : כ׳בין אַליין אין הויז.

ק ל מ ן : עפן, איך בעט דיך.

ס אָ נ י ע : איר קאָנט מיך איצט ניט זען. „מיין מאַן וועט זיך דערוויסן, וועט ער מיך שלאָגן מיט אַן אַראַפּניק".

ק ל מ ן : סאָניע, מיין פריינט, פאַרגעס דערין וואָס געווען. לאָז

מיך אריין. איך בין דאָ אויסן דיין אייגענע טובה.

סאָניע: איך ווייס אייערע „טובות".

קלמן: איך נאָר דיך נישט אָפּ, איך שווער דיר. איך בין געקומען דיך וואָרענען. אַט לאָז מיך אריין, וועסט קיין חרטה ניט האָבן. —

מארקוס: (צו סאָנען, קוים צו הערן) לאָז אים אריין. —

סאָניע: (טוט זיך אירט) קלמן, איך בעט אייך, טוט מיר די טובה און לאָזט מיך אליין. גייט אייך. איר קאָנט מיך ניט זען. —

מארקוס: (ווי פריער) לאָז אים אריין. —

קלמן: אָבער, סאָניא!

סאָניע: (פּאַריעקשןיט) צווישן אונדז איז אַלעס אויס.

קלמן: סאָניע, לאָזט מיך איצט ניט אריין, ביזטו אַ פּאַרלוי-רענע — דו, מיט מארקוסן. — דו עפּנסט?

סאָניע: ניין! —

מארקוס: (אָפּ טיפער אין קאָרידאָר אַריין, האַמפּערט זיך מיט סאָניעין). —

קלמן: דו עפּנסט?

סאָניע: ניין!

קלמן: איז דאָס דיין לעצט וואָרט?

סאָניע: יאָ!

קלמן: דאַן געדיינק! דו שפּילסט זיך איצט מיט פייער, דו הערסט!

סאָניע, מארקוס: (אָפּ צוריק אין צימער, האַמפּערנדיק).

מארקוס: (זייער שטיל) וואָרום אים ניט ארײַנלאָזן? לאָמיר הערן, וואָס וויל ער.

סאָניע: (שטייט איינגעיעקשןיט. אויף דער שוועל וואָס צום קאָרידאָר, שווייגט).

קלמן: (פאַרזעצנדיק) נו, דו עפּנסט?.. דו שווייגסט... אויב אַזוי — וואָרט! דערפאַר וועסטו אָט באַלד רעדן, און איך'ל שווייגן. דיין שטימע וועט זיין צו מיר — טויט... פול מיט ריינער אמת'ער ליבע בין איך איצט צו דיר געקומען, נאָר ווען דו באַהאַנדלסט מיך ערגער, ווי איך וואָלט אפילו זיין אַ הונט, דאַן געדיינק! איך זאָג דיר, סאָניע, וועסט חרטה האָבן און עס וועט זיין צו שפּעט. דו עפּנסט?

איך פרעג דיך, ענטפער מיר! שוין ענטפערן אויך ניט?! סאָניא! מײַן ליבע האָט איצט צו דיר דערוואַכט און דערוואַכטע ליבע איז אַ קוואַל פון ליידן, דו הערסט! און ווערן די ליידן פון ליבע ניט געשטילט דורך ליבע, דאַן וועלן זיי געשטילט דורך די פלאַמען פון האַס. פאַר־שטיי וואָס דאָס מיינט און געדיינק וואָס דו טוסט. איך ווייס און בין זיכער אַז דו שטייסט נאָך ביי דער טיר, הערסט אויס מיין יעדער וואָרט און לאַכסט זיך אויס. אָבער איך זאָג דיר אַז דיין פּאָסטופּאָק איז צו פייער מיט דינאַמיט געגליכן. וועסט חרטה האָבן, סאָניע, וועסט חרטה האָבן. איך וואָרן דיך: געדיינק! מיין ליבע צו דיר אַצינד איז מיין הייליגטום, פאַרשפּיי דאָס ניט. ענטפער מיר, איך פרעג דיך נאָך איינמאָל — דו עפנסט?! —

מאַרקוס: סאָניא! וואָרום עפנסטו אים ניט אויף? האָסט מורא פאַר אים?

סאָניע: האָסטו נאָך ניט געהערט וואָס ער וויל? האָט ער נאָך ניט גענוג געזאָגט? נאָך אַ קליינע „סערענאַדע" פאַר דיר.

מאַרקוס: אָבער אַז אַ מענטש בעט זיך —

סאָניע: מאַרקוס! ער רעדט דאָך ניט צו דיר! די סיניקעס האָב איך! מיש זיך ניט! (קוקט אַרויס אין פענצטער דורך די שפּאַרי־נעס פון די אינעווייניקסטע לאָדן).

קלמן: סאָניאַ!.. (קלאַפּט לייכט אין טיר) סאָניעטשקע, טייע־רע, עפן. איך בעט דיך. הערסטו ניט ווי עס שטורמט?..

מאַרקוס: סאָניאַ! איך קאָן דאָס ניט פאַרליידן. האָסט דאָך אַליין אַמאָל געזאָגט בנוגע אים: אַז אפילו אויף אַ חיה איז אויך אַ רחמנות.

סאָניע: (שווייגט).

קלמן: (קלאַפּט ווידער אין טיר, ווי פריער) נו, סאָניאַ?.. רעכנסט זיך אָפּ מיט מיר... נו גוט.

סאָניע: (נאָך אַ שווייגן) אַוועקגעגאַנגען כאַ־כאַ־כאַ... אַוועק מיט אַ נאָז! (לאַכט).

מאַרקוס: (פאַר זיך) דער שטאַרקער, דער ראש הקהל, דער „איך"!.. „איך האָב מיר מיינע אייגענע געזעצן"... (דרייט זיך אַרום פאַרטראַכט, פּאַוזע).

אייזיק, איטע: (אַריין, — פון אַ צווייטן חדר).

איטע: (צו סאָניען) ביזט שוין דאָ, מיין קינד?

סאָניע: יאָ, (דורך שפּאַס) „שוויגער".

איטע: איי, מיין קינד, מיין קינד, ביי דיר איז דאָס אַ געלעבּ־טער. אָבער ביז מע' דערלעבט צו הערן „שוויגער", קריכן דאָך, שונאי־ציון, די אויגן פון קאָפּ. וויפל ריקעס בלוט טריפן זיך אָפּ... רוף מיך, רוף מיך שוויגער, מיין קינד. נישקאָשע, ניט איין נאַכט ניט דער־שלאָפן, ניט — — —

אייזיק: איטע! מיר האָבן דאָך עפּעס גערעדט.

איטע: (דורך אַ פאַרוויינטן טאָן) אייזיק! היינט די ערשטע שבע־ברכות ביי אונדזער עלטסטן זון, און —

אייזיק: איטע! איטע!

איטע: נו, שוין, שוין... (ווישט אַרונטער אַ טרער — פאַר־שווייגט) נו, קומט אריין, קינדער; כאַטש די לעצטע וועטשערע עסן צוזאַמען... מיט מאַניען קיין וואָרט ניט אויסצורעדן; נאָר זי וויינט און קלאָגט. און רעדט זי שוין — איז עפּעס... פון — פון נעמען זיך, שונאי־ציון, דאָס לעבן... שלומה'ניו — קיין סיביר, פאַר אַ סאָל־דאַט... און איר ביידע — קיין שווייצאַריע... אָך מיט וועמען, מיט וועמען בלייבן מיר איצט איבער?.. איי, איי, וואָס פאַר אַ נחת טאַטע־מאַמע האָבן דאָס איצט פון קינדער.

מאַרקוס: אַזוי איז די וועלט, מאַמעניו. וואָס קאָנען מיר טאָן ווען די נאַטור האָט זיך אַזוי איר וועלט אויסטראַיעט: אַ וועלט פון דומהייט, פון אומגליק און טרערן; אַ וועלט פון פאַלשקייט, באַר־בעריי און טיראַניע.

סאָניע: לעבט דערויף דער מענטש, און דאַרף דאָס אַלעס אויסבעסערן, שאַפן מאָראַל —

מאַרקוס: די מאָראַל איז שוין געשאַפן, סאָניאַ. אָט די וואָס מיר האָבן. די נאַטור אַליין האָט זי געשאַפן און צוגעגרייט פאַר אונדז, און קיין צווייטע מאָראַל איז ניטאָ, און וועט ניט זיין.

סאָניע: וואָס מיינסטו?

מאַרקוס: איך מיין, אַז די העכסטע מאָראַל איז אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור.

סאָניע: מאָראַל — אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור? ניין, מאַר־קוס, דאָס איז אוטאָפּיע.

מאַרקוס: אָ, יאָ, פאַרגעסן! „די געטער פון באַרג־סיני״ האָבן זי אייך דערלאַנגט. —

אייזיק: (שטייט אָן אַ זייט, הערט זיך איין מיט אינטערעס).

סאָניע: ניין, מאַרקוס, נישט די געטער און נישט די נאַטור, נאָר די מענטשהייט, די קונסט. ווי זאָגט שילער: „קונסט איז די רעכטע האַנט פון דער נאַטור. דאָס לעצטע גיט אונדז געבוירט, אָבער עס איז דאָס ערשטע וואָס מאַכט אונדז פאַר מענטשן״.

מאַרקוס: די „מענטשהייט״... דאַן זאָג מיר, סאָניאַ, וואָס איז מאָראַל?

סאָניע: כאַ־כאַ, ווער ווייסט דאָס ניט?

מאַרקוס: דאָך זאָג.

סאָניע: נעמסט מיך עקזאַמענירן?

איטע: אַ, וואָס טויגן אייך, קינדער, די רייד, זיך אַרומקריגן.

מאַרקוס: חלילה, מאַמע.

איטע: קומט בעסער עסן, ס׳וועט ווערן קאַלט.

אייזיק: איי, איטע, טשעפּע ניט, טשעפּע ניט. צו אַ שווערן וואָפּראָס זאַטשעפּעט.

סאָניע: גראַדע וואָלט איך אַליין אים אויך געוואָלט באַווייזן ווי אומגערעכט ער איז, אָבער, יאָ, פּאַפּאַ, ס׳וועט ווערן שפּעט. יעדע רגע רעכנט זיך.

אייזיק: גרייט־זשע דאָרט דערווייל צו, און מיר...

איטע: ט׳איר רעדן דאָס אייגענעביים טיש.

אייזיק: ביים טיש, איטע, דאַרף מען עסן, און ווען מ׳עסט — רעדט מען ניט... גייט, גייט דערווייל. (פירט אָפּ סאָניען, מיט איטען אין אַ צווייטן צימער — מיט די הענט איבער זייערע אַקסלען). מיר קומען אויך די רגע אַריין. (אָפּ, מיט סאָניען און איטען, קערט זיך באַלד אום צוריק; צו מאַרקוסן) איז וואו־זשע האַלטן מיר? יאָ, ביי דער מאָראַל! מאָראַל, מאָראַל!.. וואָס איז מאָראַל?.. מאָראַל, זאָגן מיר, איז... וואָס?

מאַרקוס: אַ פאַרקערפּערונג פון רעכט און אומרעכט.

אייזיק: אַ? פון אומרעכט אויך?.. ניין, דאָס איז כולל בלויז די גוטע מדות, די גרויסע מעלות און שיינע זיטן אויסגעאַרבעט ביים שכל הישר צום אַלעמבעסטן פאַר דעם מענטשנס עקזיסטענץ, אַ?

סאָניע: (לויפט אַלע מאָל אַריין, שטעלט זיך אָוועק, הערט זיך איין און אָפּ צוריק). —

מארקוס: יאָ, פּאַפּאַ; אָבער איז דען אויך ניט אויסגעאַרבעט אונדזער גאַנצער שכל-הישר'דיקער סיסטעם אויף דעם גרונט פון אַ צווייטן שכל?

אייזיק: אַ?.. נו, נו?

מארקוס: און איז דען דער שכל, — דער העכסטער גראַד שכל, — אויך ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון געדאַנקען, טראַכטן?

אייזיק: נאַטירליך.

מארקוס: אויב אַזוי, טאָ זענען דען אויך ניט געדאַנקען, פּונקט ווי אונדזערע חושים, פּראָדוקטן פון דער נאַטור?

אייזיק: נו?

מארקוס: נו, איז אויב דער העכסטער גראַד שכל איז ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור, טאָ ווי אַזוי-זשע קאָן זיין אַז די מאָראַל, וועלכע איז אַ פּועל-יוצא פון שכל, זאָל זיין אַ פּראָדוקט פון מענטשן און ניט פון דער נאַטור?

אייזיק: וואָס-זשע קומט אויס?

מארקוס: קומט אויס, פּאַפּאַשאַ, אַז ניט דער עפּל האָט גע-שאַפן דאָס קערנדל, נאָר די ערד. דאָס מיינט, אַז ניט די מענטשהייט, אָדער די קונסט האָט געשאַפן די מאָראַל, נאָר די נאַטור זעלבסט.

סאָניע: ווילסטו, הייסט עס, צונעמען פון מענטשן דאָס העכ-סטע וואָס ער האָט געשאַפן?

מארקוס: נייו, סאָניאַ, דער מענטש האָט גאָרניט געשאַפן. דער מענטש איז ניט מער ווי אַ לייוונט, אויף וועלכער די נאַטור צוגיסט אירע פאַרבן און מאָלט אַליין אירע אייגענע בילדער און געשטאַלטן. קיין זאַך ווערט ניט פון קיינעם געטאָן אָן דער צושטימונג פון דער נאַטור, און גאָרניט קאָן געטאָן ווערן צו פאַרניכטן די נאַטור. יעדע קאַטאַסטראָפע, אַלעס וואָס פּאַסירט אָדער וואָס ברעכט אויס אין לעבן פון צייט-צו-צייט, זענען בלויז די אויסגיסונגען פון דער נאַטור'ס מאַלעריי. דאָס בייט זי בלויז אויס איין געשטאַלט אויף אַ צווייטן; אַז אַלטע בילד אויף אַ נייער. אָבער זיך פאַרניכטן אין אַ אַבסאָלוטן ניט זיין, דאָס קאָן זי ניט און וועט דאָס קיינמאָל ניט טאָן דערפאַר ווייל דערויף איז זי שוואַך און איר שוואַכקייט באַשטייט דערין, וואָס די

נאַטור האָט ניט קיין באַגריף פון דעם וואָרט פאַרניכטונג. יאָ, פאַר־ניכטונג איז ניט מער ווי אַ וואָרט, אַ פאָרשטעלונג, אויסגעאַרבעט ביי אונדז פיצינקעלעך, לויפנדיקע שטויבעלעך, וואָס רופן זיך — מענטשעלעך. מיר האָבן אַזאַ באַגריף ווען פאַרניכטונג, ווי וועגן די נעמען פון די פאַרשידענע געטער, וואָס מיר אַליין טראַכטן אויס און אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי ניט קיין ממשות. אַלעס וואָס עקזיסטירט — דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע; דאָס שיינע ווי דאָס מיאוס'ע; דאָס פאַלשע און דאָס אמת'ע, מיט דער גאַנצער מאָראַל און מיט דער גאַנצער טרייב-קראַפט צום לעבן, — דאָס אַלעס זענען פּראָדוקטן פון דער אייביקער נאַטור זעלבסט. דאָס מיינט, דאָס אַלעס זענען די קערנדלעך פון דער אייביגקייט. קעמפן מיט זיי, מיינט אַן אייביקער קאַמף, און אַן אייביקער קאַמף מיינט אַן אומזיסטיקער, פאַרלוירענער קאַמף. —

ס אָ נ י ע : (פאַר זיך) יאָ, שווער צו מאַכן פון שוואַרץ — ווייס. (אָפּ, פאַרביטערט). —

א י י ז י ק : (איינצייטיק) און דאָך, זע איך, ביזטו אַריין אין דער באַוועגונג, נעמסט אַן אָנטייל.

מ אַ ר ק ו ס : אַ?.. דאָס איז אויך דערפאַר, פּאַפּאַשאַ, ווייל מיר זענען דורכאויס איינגעטונקען און דורכגעוועיקט מיט דער זאַפט פון דער נאַטור. קיין זאַך איז ניט אומשטאַנד צו בלייבן רוען, און עס רוט אפילו אויך ניט דאָן, ווען פאַר אונדזערע אויגן דאַכט זיך אויס אַז עס רוט יאָ. אויב עס ציינגט זיך אונדז אויס, אַז עפּעס רוט ערגעץ יאָ, איז דאָס בלויז אונדזער טעמפּקייט צו באַגרייפן דאָס פינקטליבע וואָס שפּילט זיך אָפּ אין יענעם שטילן נאַטור-פּראָצעס. עפּעס קומט דאָרט פאָר, נאָר מיר זען דאָס ניט. — דו פרעגסט מיך, וואָרום איך בין אַריין אין דער באַוועגונג? ניט דערפאַר, פּאַפּאַ, ווייל איך אַליין אַלס אַן אייגענער פּריווויליגער „איך" האָט מיך דערצו געטריבן. אַ, ניין, פּאַפּאַשאַ! דאָס איז אַלץ — איבער די געדאַנקען?.. ניין! איך ווייס ניט ווי דאָס אָנצורופן. גיכער איז דאָס געווען אַלס אַ רעזולטאַט פון יענע נאַטור-קינדער, יענע געהיימע קערנדלעך, וואָס האָבן מיך געצוואונגען דערצו. — יאָ, פּאַפּאַשאַ, ווען איך זע מענטשן קריכן זיך, זע איך פאַר זיך קיין אַנדער זאַך ווי בלויז די שפּיל און אויסדרוק פון דער נאַטור: האָט זי יעדן אַריינגעזעצט אַ באַזונדער מאַשינקעלע — אַ מח'ל, מיין איך, — און געמאַכט אַזוי אַז יעדער מאַשינקעלע

זאָל זיך אַרבעטן פאַרשידן און דורך דעם זאָל אַרויס אַ קריג, אַ געשלעג, אַ פּאַטשעריי, אַ רייסן זיך פאַר די נעז, פאַר די שלייערס, זיך שעלטן אין טאַטנס-טאַטן אַריין און יעדער זאָל נאָך ביי זיך בלייבן גערעכט, און זיך האַלטן פאַר אַן „אתה־בחרתנו'ניק". אָבער אין תוך, פּאַפּאַשאַ...

איטע: (פון אַ צווייטן צימער) קומט שוין אַריין! ס'ווערט פאַרקילט! אַזאַ טייערע זראָזע! קומט אַריין!

מאַרקוס: זעסטו, טאַטע, די זראָזע — אָט דאָס איז שוין עטוואָס אַנדערש. אָט דאָס איז די איינציקע „מאָראַל", וואָס ליגט זיך אויפ'ן שכל; — ניט פאַר קיין וועגעטאַריאַנער, נאַטירליך, נאָר פאַר פלייש־פרעסער און איבערהויפּט מיט אַ גוטן מאָגן. די צרה איז נאָר, וואָס פון קיין מאָראַל קאָן מען ניט מאַכן קיין זראָזע — און אפשר יאָ... כאַ-כאַ-כאַ...

אייזיק: מיין זון! מיט דיין זראָזע, — פו, כ'מיין, מיט דיין מאָראַל האָסטו מיר אַ שיין ביסל צעקאָלאָיעט מיינע מחשבות. (ביידע אָפּ. פּאַוזע. — פון דרויסן דערהערט זיך דאָס שפּילן פון אַן אָרקעסטער. שפּילן: „טאָסקאַ פּאָ ראָדיניע", אַלס אַ באַגלייטונגס־מאַרש איינצייטיק דערטראָגן זיך אויך פאַרשידענע געזאַנגען און איבערהויפּט הערט זיך אַמדייטליכסטן די ליד: „פּאָסליעדני נעניעשני דיעגאָטשעק", געמישט מיט הייזעריקע פאַרשכור'טע קולות).

איטע, אייזיק, מאַרקוס, סאָניע: (לויפן אַריין, איינער נאָכן צווייטן).

אייזיק: אַך, אין אַזאַ אומקומעניש!

איטע: אוי, מיין קינד, מיין שלומה'ניו! (אַלע אָפּ, דרויסן. — אַ ווײלע שפּעטער גנביעט זיך עמיצער אַריין גאַנץ שטיל; דאָס פּנים פאַרשטעלט; טראָגט מיט זיך אונטערן אָרם אַ פּעקל; לויפט אימפּעטיק אַריין אין אַן צווייטן צימער, לאָזט דאָרט איבער דאָס פּעקל, לויפט שנעל אַרויס צוריק, אָפּ. פּאַוזע).

סאָלאָמאָן: (איז געקליידעט אַלס אַ רעקרוט; טראָגט וואַרימע מלבושים; פון קאָרידאָר) נו, שאַ, שוין. ניט געוויינט. אַנדערש וועט דאָך שוין דאָס ניט זיין. (קומט אַריין).

אייזיק, איטע, סאָניע, מאַרקוס: (קומען הינטער, גלייך נאָכן לעצטן).

א י ט ע: (דורך שטיקנדע טרערן, און מיט די הענט ארום סאָ־לאָמאָן'ס האַלדז) אך, מיין שלומה'ניו, מיין שלומהניו! ווען קאָן איך דיך שוין זען צוריק?

ס אָ ל אָ מ אָ ן: באַרואיק זיך, מאַמעניו, איך בעט דיך. —

א יי ז י ק: (נעמט זיך צוגרייטן סאָלאָמאָן'ס קעסטל).

מ אַ ר ק ו ס, ס אָ נ י ע: (שטיין אָן אַ זייט, רעדן צווישן זיך, קוקן פון צייט־צו־צייט אויפ'ן זייגער).

א י ט ע: (גלייכצייטיק) וואָס פאַרא רעכט האָט דאָס ווער צו רויבן פון אַ מוטער איר קינד?! ווען איך האָב נעכט ניט דערשלאָפן, פאַרוואָגלט און אויסגעריסן געוואָרן ביז איך האָב אים דערצויגן, דאַן האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט, און איצט, ווען איך וואָלט שוין גע־קאָנט האָבן עפּעס אַ נחת פאַר מיינע שמערצן...

ס אָ ל אָ מ אָ ן: יאָ, אמת, מאַמעניו; אָבער פאַרגעסט ניט, אַז פּונקט ווי איר, מוטערס, דינען דער מענטשהייט דורך אויפבריינגען און דערציען די קינדער, אַזוי זענען דאָך אויך די קינדער מחויב צו דינען דער מענטשהייט אום זייער לאַגע אויסצובעסערן.

א י ט ע: דו גייסט דאָך אָבער ניט דינען דער מענטשהייט, נאָר דעם צאַר „אַלעקסאַנדריקן", דער רוח ווייסט וועמען...

ס אָ ל אָ מ אָ ן: ניין, מאַמעניו! ווען איך וואָלט באַדאַרפט גיין דינען בלויז דעם צאַר, וואָלט איך זיך געוועזן אָפּגעצויגן, אָדער זיך געמאַכט אַ חסרון — אַלעס געטאָן אַבי זיך אַרויסצודרייען. אָבער ניט פאַר קיין צאַרס, מאַמע, גיי איך דינען, נאָר דער מענטשהייט, דער געזעלשאַפט. ווייל ערשט דאָרט, ווען איך וועל זיין אין דער אַרמיי, וועל איך זיין נענטער צו דער נשמה פון'ם פּראָסטן סאָלדאַט, — דער ערשטער וועמען מע' דאַרף אויפמאַכן די אויגן. און סיי ביים עסן, סיי ביים טרינקען, יעדע פרייע מינוט וועל איך מיט אים קאָנען רעדן און דערקלערן און דאָס וואָס איך וועל אים אויף'ן גלייכער איינמאָל גיבן צו פאַרשטיין, וועלן אים קיינע מאַסאָוועקעס ניט אַריינדאַלבען און פון ביכער איז שוין אָפּגערעדט.

א י ט ע: אָבער דערווייל, מיין זון, וועל איך ליידן, ליידן... וויפל בלוטיקע טרערן וועל איך פאַרגיסן ביז איך וועל דיך דערלעבן זען צוריק!.. וואָלסטו כאָטש געווען אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, וואָלסטו כאָטש איצט באַדאַרפט ווייניקער דינען. איך האָב זיך שטענדיק ביי

דיר געבעטן: גיי ניט, מיין קינד, אויף קיין סאַבראַניעס; וואַרט אוים באַטש ביז נאָכן פּריזיוו, נאָכן עקזאַמען...

סאָלאָמאָן: אָך, מאַמע, וואָס רעדסטו?

איטע: נו אודאי; דו ביזט דאָס קינד, איך — די מאַמע. וואָס ווייסטו פון אַ מוטער'ס האַרץ...

סאָלאָמאָן: מאַמע, דער יחיד קומט צולעצט. צוערשט קומט דער רבים.

מאַרקוס: (שטייענדיק ביים פענצטער, גיפטיק) דער „רבים"! ווער איז דאָס דער רבים? (מיט אַ פינגער צום דרויסן. — פונוואַנעט עס דערטראָגן זיך נאָך אַלץ שווערע טריט, געזאַנג און טומל). אַט דער שוואַרצער פלעק דאָרט!

סאָלאָמאָן: די מאַסע, די מענטשהייט —

מאַרקוס: ניין, סאָלאָמאָן! נישטאָ קיין מאַסע, נישטאָ קיין געזעלשאַפט, קיין מענטשהייט, קיין רבים! יחידים — שוואַרצע פלעקן, אַט וואָס ס'עקזיסטירט!

סאָלאָמאָן: מאַרקוס! דו זאָגסט דאָס? דו — אַ סאָציאַליסט?

מאַרקוס: יאָ, סאָלאָמאָן! ווייל איך האָב געזען ווי־אַזוי און וויפל „יחידים" עס זיצן פאַרשפּאַרט, ווי די חיות אין די שטייגן, און קאָנען זיך ניט צונויפרעדן די שטייגן אויפצוברעכן. וואַרטן אויף נסים, וואַרטן זיי! ביי קיינעם הויבט זיך ניט אויף קיין האַנט אַפילו פּראָוון די שטייג אויפצורייסן. אַט פונקט ווי די שעפּסן! ווערן געפרעסן פון אַ וואָלף איינס ביי איינס, און ווילן זיך אַפילו ניט צונויפרעדן דעם וואָלף צו פאַרטרייבן. יאָ, דיין „מענטשהייט", דיין „געזעלשאַפט"! דאָס זענען אַ סטאַדע שעפּסן, באַראַנעס!.. און ווער האָט דאָס מיך פאַרשפּאַרט הינטער די גראַטעס, אויב ניט איינער פון דיין „געזעל־שאַפט" — אַ באַראַן ווי די אַלע איבעריקע!

סאָלאָמאָן: יאָ, אמת, מאַרקוס, איך ווייס דאָס. טאָ וואָס־זשע בלייבט צו טאָן? זאָלן מיר דערפאַר שטיין געדולדיק, און צוקוקן?

מאַרקוס: און נאָך אַ זאַך: וויפל קעמפער פאַרן צווייטנס גליק און פרידן האָב איך געזען ווערן צום סוף אַליין געשליידערט צום אָפּגרונט פון אומגליק און רואינע — דורך די הענט פאַר וועמען יענע האָבן זיך מקריב געווען? וויפל ווערן אויסגעהאַנגען...

סאָניע: שטאַרבן זיי דערפאַר ווי העלדן, און ווייסן פאַרוואָס,

וויסן פאַרוואָס צו שטאַרבן איז נאָך בעסער ווי צו לעבן און ניט וויסן פאַרוואָס.

מאַרקוס: אָבער, סאָניא, סאַלאָמאָן! איר אַלע, זאָגט מיר וועט זענען דאָס די, וואָס הייִנגען אייך, וואָס שיסן אייך, שטעכן אייך און גיבן אייך דעם טויט אין די הענט אַריין און מאַכן אייך פאַר „העלדן" ?!

איטע: אָך, קינדער, גענוג. זאָל שוין זיין. אייערע רייד לייגן מיר נאָך מער שטיינער אויף'ן האַרצן — (וויינט).

אייזיק: איטע, איטע! הער אויף... הער אויף, איך בעט דיך. דיינע טרערן מיט דיינע לײַדן וועט די לאַגע ניט ענדערן... איך בין דאָך אויך ניט פון קיין שטיין... אָך, טרערן, טרערן! ווען טרערן וואָלטן קאָנען דינען אַלס מיטל דאָס שלעכטע גוט צו מאַכן, אין וואָס פאַר אַן אָקעאַן פון טרערן עס וואָלט זיך דאַן די וועלט צעגאָסן. אָבער אַזוילאַנג ווען דיינע טרערן זענען בלויז גוט צו פאַרנעצן דעם ונתנה־תוקף, פאַלן זיי בלויז אויף פאַפּיר, — ניין, אויף פייער, און קריגסט ניט מער ווי רויטע אויגן. איז דערפאַר אויב וויינען העלפט ניט, איז שוין בעסער צו שווייגן; שווייגן און לײַדן שטילערהייד. — קעמפט מיט מוט, קינדער! די וועלט קוקט אַרוים אויף אייער הילף.

מאַרקוס: ווידער אַ טעות! אַ וועלכע הילף? ווער קוקט אַרוים?

סאַלאָמאָן: אָך, זאָל שוין זיין! אים וועסטו דאָך ניט איבערשפאַרן. — אַלזאָ, מאַמאַשאַ, וואו איז מאַניאַ?

איטע: כ'האָב זי נאָך היינט אויף די אויגן ניט געזען.

סאַלאָמאָן: וואו קאָן זי זיין?.. און דוניע איז אויך נישטאָ... אַוועקפאָרן און זיך מיט זיי אפילו ניט געזעגענען... (זיין בליק פאַלט אויף זיין סאַלדאַטסקע קעסטל; בליקט דורך אַלעמען מיט פאַרטרער-טע אויגן; דרייט זיך אַוועק אָן אַ זייט, טוט אַ וויש אַרונטער אַ טרער; באַהערשט זיך, מוטיק) נו, פאַרטיק דאָס קעסטל?

אייזיק: יאָ, מיין זון.

סאַלאָמאָן: בלייבט-זשע מיר געזונט...

אייזיק: (כאַפּט אים האַרציק אַרום) ד' יצליח דרכך! (קושט אים הייס).

מאַרקוס: (נאָך אייזיקן, — מיט אַ דרוקנדער וואַרימער

האַנט) ברודער!... זיי שטאַרק אין דיין גלויבן! ווייל דער געדאַנק — (קושט אים פון האַרצן).

סאָניע: (נאָך מאַרקוסין)' באַר געזונט, סאַלאָמאָן, און ווען דו וועסט קומען צוריק, זאָלסטו אונדז שוין טרעפן אַלס פרייע בענטשן... דו ווייסט וואָס איך מיין —

סאַלאָמאָן: (ענטפערט איר מיט אַ האַרציקן קוש).

איטע: (פּאַלט דעם לעצטן אויפן האַלדז) מיין קינד — — (קאָן מער קיין וואָרט ניט אויסרעדן).

סאַלאָמאָן: (דורך שטיקנדע טרערן) מאַמע!.. מיר וועלן זיך נאָך זען, מאַמע... (האַלטן זיך ביידע איינגעקלעמערט פאַר אַ צייט איינס אין צווייטן. — פון דרויסן דערטראָגן זיך ווידער ווייטע אָפּגעריסענע טענער פון „פּאָסליעדני נעניעשני דיעניאָטשיק". — סאָלאָמאָן באַפרייט זיך פון איטעס אָרמס, כאַפּט דאָס קעסטל אויף די פּלייצעס, אָפּ צו דער קאָרידאָר־טיר; די איבעריקע גיין אים נאָך — דערשלאָגן).

איטע: (נאָכגייענדיק, האַלט אים אונטער דאָס קעסטל) אַך, אַזאַ מאַכיניע אויף זיך צו שלעפּן... וואַרט, אַפּשר וועט באַלד אָנלויפן אַ איזוואָשטשיק.

סאַלאָמאָן: מע' דאַרף זיך צוגעוואוינען, צוגעוואוינען, מאַמעניו. (אַלע אָפּ אין קאָרידאָר).

איטע: (פון דאָרט) זאָלסט כאָטש שרייבן, מיין קינד; זאָלסט כאָטש שרייבן אַ בריוועלע דער מאַמע'ן. און גיב אַכטונג... (אַ שטילקייט, לאַנגע פּאַוזע).

סאָניע: (צוריק אַריין. דרייט זיך אַרום נערווייאיש. — אַ שטילער, האַסטיקער קלאַפּ פון דער פּאָדער־הויז־טיר. — סאָניע ציטערט אויף, אָפּ, מיט שרעק. פון קאָרידאָר) ווער איז?

דוניע: עפן!

סאָניע: דוניאַ? (מאַכט אויף. לאָזט זי אַריין).

דוניע: דערקאָנסט מיך שוין ניט? (קומט אַריין, שנעל).

סאָניע: (פאַרשליסט צוריק די טיר, טרעט צוריק אַריין).

דוניע: פאַרשלאָסן?

סאָניע: וואָס פאַר אַ פראַגע. אָז'ם שלאָס ווערטן דאָ ניט אויפגעעפנט און פאַרמאַכט.

דוניע: גוט אַזוי. — איצט הער: (אויף שנעל און שטיל) דאָס ערשטע בין איך געקומען זיך געזעגענען מיט דיר.

סאָניע: פאַרסט ערגעץ?

דוניע: סאָניע, איך ווייס. ס'איז שוין פאַר מיר ניט קיין סוד.

סאָניע: וואָס פאַר אַ סוד?

דוניע: פריטוואָרייע זיך ניט. שלאָג מיר נאָר ניט איבער, און הער מיך אויס: אויף'ן וועג האָב איך ערשט געהערט דיין פּאַפּאַ און קלמן'ען רעדן דערפון. און פון די פּאַר ווערטער, וואָס איך האָב פאַרכאַפּט גייענדיק הינטער זיי, פאַרשטיי איך אַז זיי קלויבן זיך צו קומען אַהער — — —

סאָניע: (בלייבט שטיין צעטומלט).

דוניע: ווייס וואָס דו האָסט צו טאָן. — איצט לויף איך צום וואָקזאַל פּראָוואָזשאַיען סאָלאָמאָן'ען. — אַך, סאָניעטשקאַ! אַלע צופאָרן זיך... נו, פּאָר געזונט... (פאַלט איר אויפ'ן האַלדז; קושט זיך מיט איר) איצט לאָמיך גיין... זיי אָסטאָראָזשנע... ווען פאָרסטו? נאָר איך האָב דאָך שוין געהערט פון זיי. היינט באַנאַכט, יאָ? אַך, איך וואָלט אויך מיט אייך געפאָרן, טשעסנאָיע סלאָוואָ... יאָ, דאָס גאַנצע בינטל מאַלאַדיאָזש סטייעט ניט צו־ביסלעך: ווער אין די אָסטראָגן, און ווער זאַגראַניצע... — נו, לאָמיך שוין לויפן. אפשר נאָך זיין באַלד צוריק. דיך נאָך פאַרכאַפּן? (צוקושט זיך מיט איר ווידער, לויפט האַסטיק אַרויס).

סאָניע: (באַגלייט זי אַרויס, פאַרשליסט נאָך איר די טיר, קומט צוריק אַריין; ברעכט מיט די הענט, קנאַקט די פינגער און כאַפּט אַלע ווײַלע אַ קוק דורך די שפּאַרינעס פון די לאָדן — פון איין פענצטער, פונים צווייטן פענצטער).

חנה: (אַריין).

סאָניע: (לויפט איר אַנטקעגן, דורך שטיקנדיקע טרערן) מאַמאַ, מאַמאַ!... (וויינט).

חנה: ניט געוויינט, מיין קינד; ניט געוויינט — וואָרעם אָט־באַלד הויב איך אויך אָן צו וויינען...

אייזיק, איטע, מאַרקוס: (אַריין).

סאָניע: מאַמאַ, מיין האַרץ, מיין האַרץ... עפּעס שרעקט זיך דאָס אַזוי... עפּעס פיל איך, ווי שוואַרצע כמאַרעס, גאַנצע מחנות, און

אזעלכע געדעכטע, טראָגן זיך, טראָגן זיך... און אַלע איבער מיר, איבער אונדז... אַך, מאַמאַ!

איי זיק: זיך נאָר ניט געשראָקן, סאָניעטשקאַ; נאָר רואיק.

סאָניע: אָך, איר ווייסט ניט... דער פּאַפּאַ מיט קלמן'ען קומען דאָך אַהער —

חנה: וועגן וואָס?

סאָניע: זיי ווייסן...

איי זיק: ווער האָט דאָס געקאָנט אויסגיבן?

איטע: ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

מארקוס: אַ, דאָס איז שוין אַלצאיינס. היינטיקע ציַיטן דאַרף מען ניט זאָגן. מע' שטויסט זיך שוין אָן אויף אַלעם. — אַלזאָ, שוין אין וועג אַריין!

אַלע: (טוען זיך אַ נעם צו די פּעקלעך: ווער צו די, וואָס צו דער האַנט, און ווער אָפּ אין אַנדערע חדרים און קומען באַלד צוריק אַרויס).

איי זיק: (דורך טרערן) נו, קינדער, אין אַ גוטער, מזל'דיקער שעה. פאָרט געזונט, און זייט מצליח. (קושן זיך).

חנה: קומט אַהער, מיינע טייערע, לאָמיך אייך כאָטש בענטשן.

מארקוס, סאָניע: (טרעטן צו צו איר, מיט די רענצל'ך אין די הענט; לאָזן זיי אַרונטער).

חנה: (מיט די הענט איבער זייערע קעפּ) גאָטעניו! אַזוי ווי איך בענטש זיי און וואונטש זיי גליק, אַזוי זאָלסטו אויך זיי שיקן דיין ברכה, שטענדיק באַשיצן און פון שלעכטע מענטשן אויסהיטן... (קושט זיי).

אַלע: (האַרציק) אמן! — (פון פאָדער-הויז דערטראָגן זיך ברוגזנע שטימען).

סאָניע: אוי, זיי זענען שוין דאָ!.. ניט פאַרשלאָסן די טיר?!

(אָפּ אין קאָרידאָר — פליט גלייך אַריין צוריק: פול מיט שרעק; קלעמערט זיך איין אין מאַרקוסין). מאַרקוס! מיר זענען פאַרפאַלן!

אַלע: (נעמען זיך צוזויף אינאיינעם, שטיין צעטומלט).

—: (פון פאָדער-הויז) אַזאַ משומד-צו'להכעיס'ניק!

—: ארבע מיתות בית-דין!

— : און דאָס איז נאָך ווייניק!
— : אחרים!
— : אחרים!
שמואל: (רייסט זיך אַריין, — מיט אַ כאָפּטע אידן הינטער אים; אַלע מיט שטעקנס אין די הענט). אהיים׳ט, איר אויסוואורפן!
קלמן: (טרעט אַריין געלאַסן, מאַיעסטעטיש; שטייט די גאַנצע צייט אין אַ זייט, קאָנטראָלירט זיך. צומאָל טוט ער אַפילו אַ אײַנוואָנישן שמייכל, אָבער אין זײַן שמייכל איז פאַראַן אַ טיפער שמערץ).
— : (גלייכצייטיק) אין חרם וואַרפן מיר אייך אַריין!
שמואל: אנטלויפן גאָר!.. (צו חנהין) און דו אויך, אַ!
— (צו מאַרקוסין) און דיך, משומד, וועלן מיר אין אָסטראָג אַרײַנוואַרפן!
— : פאַרשטיינע!
מאַרקוס: שטיל!.. איר!..
שמואל: (שטויסט אָפּ מאַרקוסין) אוועק דו... דו... דאָס איז אַן אשת־איש! דאָס איז קלמן׳ס פרוי, כדת משה וישראל!
מאַרקוס: ס׳ אַ ליגן! זי איז גע׳גט — „כדת משה וישראל"! אָט איז דער גט!
שמואל: רבותי! דאָס איז אַ גט פּסול!
— : אַ טויט צום משומד!
— : צו ביידן!
— : (גוביעט זיך אונטער הינטער מאַרקוסיעס פּלייצעס).
מאַרקוס: אידן! אידן! זאָל זיין שטיל פאַר אַ רגע!
— : האָסט אונדז גאָרניט וואָס צו זאָגן!
מאַרקוס: זעגט איר מענטשן, צו —
— : טויטן דאַרף מען אים!
מאַרקוס: הערט מיך אויס פריער! לאָמיך אייך דערקלערן—
— : ארבע מיתות בית־דין!
— : אידן, וואָס שטיין מיר! (טוען זיך אַ לאָז צו אים — מיט די שטעקנס).
— : אויף שטיקער אים צערייסן!
— : דעם אבי־אבות אויך דערלאַנגען!
— : (רייסט אַרויס פון מאַרקוסין דעם גט, צערייסט אים). —

סאָניע, חנה, איטע: (אָפּ — אין פאַרשידענע חדרים).—

מארקוס: (צו דער זעלבער צייט) שטייט, איר!.. (כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער) אַרויס, איר שוואַרצע, פאַרשיווע פלעקן!.. אַרויס!..

אלע: (שטופּן זיך צונויף אין איין קופּקעלע, שטיין צעשראָקן).

— : גוואַלד!

— : פּאָליציי!

שמואל: גזלן!

— : רוצח!

קלמן: (שטייט די גאַנצע צייט מן הצד — נידערשלאָגן און טיף פאַרטראַכט, גלייך ווי עס וואָלט דאָ גאָרניט פּאַסירט).

מארקוס: (אייראַטיש צו די אידן) זיך צונויפגעשטופּט איינאיינעם ווי די באַראַנעס! אַרויס! שוין!

אייזיק: שטיי נאַר, מארקוס, וואַרט! אַרויסלאָזן זיי איז אַ סכנה. קאָנען נאָך שיקן פּאָליציי.

מארקוס: יאָ, גערעכט, פּאַפּאַשאַ. פאַרשפּאַרן דאַרף מען זיי! — אַהער, אַהער!.. נאָר פריער דאַרף מען דאָרט באַוואָרענען. נעם דעם רעוואָלווער, פּאַפּאַ, האַלט זיי דאָ אויף. (אָפּ אין אַ זייטיקער טיר).

— : וואָס וויל ער טאָן?!

— : וואוהין פאַרשפּאַרן?!

שמואל: דו אויך, אייזיק, אַ? משוגע געוואָרן!

אייזיק: איך בין משוגע, אַ? פע, שעם זיך!

שמואל: פאַרן דין זענען ניטאָ קיין קרובים.

מארקוס: (לויפט צוריק אַריין) אַלע אַהער, אַלע! שוין! שנעל! (פאַרטרייבט זיי, פאַרשליסט די טיר) איצט, סאָניע, אין וועג אַריין! וואו זענט איר? — נאַ, פּאַפּאַשאַ, דעם שליסל, און ביז מיר וועלן ניט זיין פון יענער זייט, זאָלסטו זיי דאָ פאַרהאַלטן.

די אידן: (קלאַפּן אין טיר).

סאָניע, חנה, איטע: (קומען אַרויס, נעמען זיך צו די פּעקלעך, לאָזן זיך גיין)

קלמן: (טרעט אַרויס מיט לאַנגזאַמע טריט) מארקוס!

מאַרקוס: ווי קומסטו אהער? וואָס ווילסטו טאָן — „אין חרם ווארפן, צו אין אָסטראַג״?

קלמן: דאָס ערשטע אָן איראָניע. און צווייטנס וויל איך דיר גאָרניט טאָן. צוריקגערעדט האָב איך דאָך צו דיר גאָרניט.

מאַרקוס: (מעסט אים אָפּ מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק) טאָ וואָס־זשע ווילט איר? איך האָב איצט קיין צייט ניט צו „פילאָזאָ־פירן״. געקומען וועגן אייערע „געפילן״?

קלמן: יאָ, מאַרקוס. עס איז אַ פראַגע פון געפילן, מאַרקוס! הער: דו האָסט מיין געלט; איך וועל דיר נאָך גיבן וויפל דו ווילסט — מיין גאַנץ פאַרמעגן! פאַר דיר וואוהין דו ווילסט, טו דיר וואָס דו ווילסט,... פון מיינעטוועגן קאָנסטו ווערן אפילו אַ טערק.

מאַרקוס: הקיצור, וואָס ווילט איר?

קלמן: לאָזן סאָניע׳ן צו רו —

מאַרקוס: איך טשעפּע זי דען? איך האָב ניט קיין אראפּ־ניק, און איך מאַך איר ניט קיין סיניקעס...

סאָניע: וואָס האָט מען זיך אַוועקגעשטעלט רעדן!

קלמן: סאָניאַ! האָסטו מיר שוין גאָרניט וואָס צו זאָגן?

סאָניע: יאָ, קלמן: אויב איר זענט אונדז אַ פריינט, — מיר אַמווייניקסטן. — וויל איך פון אייך איר זאָלט האַלטן אייער צונג צווישן די ציין, ביז מיר וועלן זיין פון יענער זייט. קאָן איך דאָס ביי אייך פּועל׳ן?

קלמן: יאָ, סאָניאַ!.. (כאַפּט איר האַנט).

אלע: (בלייבן שטיין דערשטוינט).

מאַניע: (פון קאָרידאָר) איך בין ניט שולדיק! איך בין ניט שולדיק!.. (די האָר צעשויבערט, דאָס פּנים — קאַלך־וויס און צו־קרומט פאַר כעס. לויפט אַריין ווילד, און אין אַ באַוואוסטלאָזן צו־שטאַנד).

איטע: מאַניאַ!.. וואָס איז געשען!

מאַניע: (מיט אַ פינגער אויף קלמניען) אָט איז ער דער מערדער!

פּאָליציי: (אַריין).

אלע: (ווערן צעטומלט).

מאניע: (גלייכצייטיק) זעסט, מאמא, אט איז מיין „חתן”! (שפּרינגט קלמניען אין פּנים אַריין).

פּאָליציי: (האַלט זי אָפּ).

איטע: מיין קינד! וואָס פאַר א חתן, וואָס פאַר א מערדער?

מאניע: יאָ, יאָ, מאַמעניו, אָט ער! אָט ער — — אַך, סאָניא! איך... דו... מיר ביידע... (פאַלט אַריין אין אַ היסטערישן געלעכטער, און צולעצט אין אַ געוויין).

פּאָליציי: (לאָזן זיך זי נעמען).

אייזיק: (צו די לעצטע) וואָס האָט איר צו איר? וואָס האָט פּאַסירט?

— : זי איז א מערדערן!

— : א קינד אין וואַסער געוואָרפן!

אייזיק: ניין, ניין, דאָס איז אוממעגליך —

מאניע: יאָ, יאָ, פּאַפּענקאַ, יאָ! איך, מאַניע — א מערדערן, כא-כא־כא!.. אָבער ניט איך, פּאַפּאַ, בין שולדיק! אָט ער, אָט ער! פרעג אים... יאָ, יאָ, פּאַפּאַשאַ — (פאַלט אים אויפן האַלדז) זיי מיר מוחל, פּאַפּאַשאַ...

קלמן: (לאָזט זיך גיין צו דער טיר — נידערגעשלאָגן).

מאַרקוס: (שפּרינגט צו צו אים) איז דאָס אמת, דו אויס־וואורף! (כאַפּט אים אָן פאַרן האַלדז, וואַרגט אים).

קלמן: (ווערט זיך ניט, האַלט די הענט אַרונטערגעלאָזט).

— : (זיך אַריינמישנדיק) ניע דראַטסיאַ! (האַלט אָפּ מאַרקוסין).

קלמן: (שטייט ווי פאַרלוירן, און ווי ער וואָלט זיך קיין אָרט ניט געפינען).

פּריסטאַוו: (מיט נאָך פּאָליציי, — קומען אַריין) קיינער ניט פון אָרט!

פּאָליציי: (צעשטעלן זיך אַרום אַלע טירן און פענצטער; איי־ניגע אָפּ אין פאַרשידענע חדרים).

סאָניע: (אין חנהיס אַרמס) מאַמעניו! וואָרום קומט דאָס אונדז אַזוי?!

פּריסטאַוו: (צו איינעם פון די פּריערדיקע) און וואָס טוט איר דאָ?

— : אָט, אָט די פּראָקליאַטע!

— : אַ קינד אין וואַסער אַריינגעוואָרפן!

פּריסטאַוו: (נעמט דורך מאַניען מיט אַ בייזן, שטרייַנגן בליק) דיין אייגן קינד נאָך אפשר אויך, אַ?

מאַניע: יאָ, מיין אייגן קינד! אָבער דיין מאמע וואָלט מיט דיר אויך געווען אַזוי געטאָן, ווען דו וואָלסט באַדאַרפט קומען אויף אַזאַ אופן ווי מיין קינד איז געקומען אויף דער וועלט!

פּריסטאַוו: אָ, אַ ניע זאַקאָנאָ־ראָזשדיענע, אַ? (מעסט זיי אַלעמען אָפּ מיט אַן אונטער־שטערנדיקן בליק; דערזעט אויף דער וואַנט די בילד פון קאַרל מאַרקס, דרייט זיך אַ וואָנטע, פּיל־באַדייטנדיק) צייטן!..

— : (פון דער ערשטער גרופּע, צו מאַניען) נו, קום! (לאָזט זיך זי נעמען).

פּריסטאַוו: וואַרט צו, מירן שוין גיין פּרי־קאָמפּאַניע. (זעצט זיך אַוועק ביים טיש, נעמט זיך שרייבן. — פּלוצים) ווער קלאַפּט עס דאָרט?

מאַרקוס: מיין.

פּריסטאַוו: (אָפּ צו יעוועדער טיר) שליסט אויף!

אייזיק: (טוט דאָס).

שמואל: (מיט די אידן קומען אַרויס; דערזען פּאָליציי — בלייבן שטיין צעשראָקן).

פּריסטאַוו: וואָס האָט איר דאָרט געטאָן?

מאַרקוס: (אונטערכאַפּנדיק) געהאַט אַ מאַסאַוועקע —

— : (פון די אידן) אַ ליגן!

— : מיר... מיר...

פּאָליציי: (ברייַנגט אַריין אַ פּעקעלע, פון אַ צווייטן צימער, צונעמט עס).

קלמן: (כאַפּט אַ קוק פון ווייט אויפן פּעקעלע, רוקט זיך ביי די זייטן צו דער קאָרידאָר־טיר — פאַרשווינדט).

פּאָליציאַנט: (אַריין פון פּאָדער־הויז, רעדט מיטן פּריסטאַוו אויפן אויער).

פּריסטאַוו: (צום לעצטן) פּראָפּוסטיטיע (לאָזט דורך: — קלמן־יען).

פּאָליציאַנט: (אָפּ).

— : (פון פּאָליציי, דער וואָס צונעמט דאָס אַריינגעבראַכטע פּעקעלע) אמת, אמת...

פּריסטאַוו: „כינע פּראָשקעלעך”, כע־כע... (צו מאַרקוסין) דיינע?

מאַרקוס: איך גיב זיך אָפּ מיט וויכטיקערע זאַכן ווי...

פּריסטאַוו: אָט ווי אַזוי. — ווער איז דאָ בעל־הבית?

אייזיק: איך, — אָבער איך ווייס פון גאָרניט.

פּריסטאַוו: דאָס וועלן מיר שוין זען. — און ווער זענען די אַלע פּונדאַנעט?

שמואל: (אַרויסטרעטנדיק) זי (סאָניע) איז ניט פּונדאַנעט. דאָס איז מיין טאָכטער.

פּריסטאַוו: דאָס וועלן מיר אויך שפּעטער ראַזביריייען. — (צו די אידן) און וואָס טוט איר דאָ?

מאַרקוס: כ'האָב שוין געזאָגט: אַ סאָבראַניע געהאַט —

— : (פון די אידן) אַ ליגן, אַ ליגן, פּאַניע פּריסטאַוו!

— : מיר ווייסן פון גאָרניט!

— : אַ בלבול!

— : צע ברעכניאַ!

— : (צו אַ צווייטן אידן) אַ כופר בעיקר!

—: (צום פּריסטאַוו) מיר האָבן געוואָלט...

פּריסטאַוו: דאָס וועלן מיר שוין דאָרט אַלעס ראַזביריייען. — רעביאַטאַ, זאַ דיעלאָ!

— : (פון די אידן; צווישן זיך) נו, וואָס וועט זיין?

— : מ'דאַרף אים עפּעס נותן'ען אין דער „יד”.

— : דאָס דאַרף קלמן טאָן.

— : וואו איז ער?

— : מ'זעט אים ניט.

— : אַנטרינען?

— : פאַרקאָכט אַ קאַשע און אַוועק!

— : (צום פּריסטאַוו) פּאַניע...

— : סעודצע (האָרצעניו) . . .

— : (צו אַ צווייטן אידן) אַז די צונג איז אין גלות...

שמואל: (צום פּריסטאַוו) וויכטע, פּאַניע, ניטשאָ נע זנאַיע (גלויב אונדז, פּאַריץ, מיר ווייסן פון גאָרניט)...

פּריסטאַוו: יאַק נע אילע טשאַסנעקו, טאָ נע בודע סמער־דיטע (אויב איר האָט ניט געגעסן קיין קנאָבל, וועט זיך אייך ניט פילן פון מויל). — מאַרש!

אלע: (אָפּ).

פאָרהאַנג

## זעקסטע בילד

(ביי שמואלין אין הויז. דאָס זעלבע עס־צימער)

שמואל: (זיצט ביים פענצטער, איינגעוויקלט אין אַ שאַל, די אויגן פאַרמאַכט, קרעכצט) הם... הם...

ברוך: (זיצט אַנטקעגן, קוקט אויף אים מיטפילנדיק).

שמואל: (ציטערנדיק, שוואַך) כ'פּאַך מיט דער נשמה... עפנט אפשר דאָס פענצטער.

ברוך: (עפנט אַ פאַרטקע).

שמואל: דאָס גאַנצע פענצטער, דאָס גאַנצע... זאָל אַריין לופט... וואָס קאָן מען טאָן.

ברוך: צו פיל לופט פאַר אַ חולה איז אויך אַ סכנה. — וואָס טוט אייך וויי, ה"ר שמואל?

שמואל: ווער ווייסט... נאָר כ'האָב מורא... כ'האָב מורא כ'האָב איינגעשלונגען אַ „שפּין".

ברוך: אַ שפּין?! וואָס רעדט איר?

שמואל: געגאַנגען, דאַכט זיך, טרינקען וואַסער, און אין דער וואַסער איז געווען אַ „שפּין" —

ברוך: טאַקע אַ שפּין ממש?!

שמואל: (ניט באַלד) איי, מיין פריינט... כ'האָב דאָס באַלד דערפילט, אָבער שוין געווען צו שפּעט.

ברוך: ווען איז?

שמואל: אָט דאָ... די טעג.

ברוך: האָט איר עמיצן געפרעגט!

שמואל: ניטאָ וועמען צו פרעגן...

ברוך: ס'הייסט?

שמואל: איי, נישט גוט... נישט גוט.

ב ר ו ך: אפשר נאָך איצט עמיצן ארויפרופן?

ש מ ו א ל: ניין, ניין... זאָלט איר מיר לעבן און געזונט זיין... זייט דאָ לעבן מיר. עולם הבא וועט איר האָבן. איך האָב דאָך ניט ווער ס'זאָל מיר אפילו א לעפל וואסער דערלאנגען.

ב ר ו ך: עפעס פליִג איך דאָ שטענדיק זען א מיידל —

ש מ ו א ל: אָ, די פרידורקעוואטע, — איר פלימעניצע, — אויך אוועק. דאבט זיך שוין חתונה געהאט. —איי, ה"ר ברוך, ה"ר ברוך... גוט אזוי, אָ? אפגעלעבט אלע יאָרן, און איצט?.. אן אייגן ווייב, אן אייגן קינד — זיך אויפגעהויבן און אוועק. אליין געבליבן... און דאָ גייט מיר אוים די נשמה... ניט זיין אפילו ווער ס'זאָל מיר די אויגן צומאכן, צו קבר ישראל ברענגען. (לאָזט ארויס א פארשטיקט קול, וויינט).

ב ר ו ך: אָ, ה"ר שמואל, זייט זיך ניט אזוי מצער, וואָס רעדט איר... זיי וועלן קומען, זיי וועלן קומען... איך האָב דאָ געשיקט נאָך זיי, איך בין זיכער זיי וועלן קומען. וואוהין קאָנען זיי אוועק פון אייך, און וואָס קאָנען זיי טאָן אָן אייך?

ש מ ו א ל: אָ, מיין פריינט, טרייסט מיך ניט. מיינע מינוטן זע־נען שוין געציילטע, געציילטע... כ'בין שוין א נוטה למות... כ'פיל דאָס... און אז זיי זאָלן שוין קומען — וועלן זיי א קרעכץ טאָן און אוועקגיין. און אפשר אפילו קיין קרעכץ אויך ניט טאָן. — וואו איז קלמן?

ב ר ו ך: עפעס זעט מען אים ניט. און אָט דאָ ווען איך האָב אים געזען, איז ער שוין אויך ניט דער וואָס געווען. עפעס גאָר אנאנ־דער מענטש. גישט דאָס קול, נישט די שטעלע; איינגאָנצן ווי א... אזוי פארענדערט געוואָרן.

ש מ ו א ל: אויך א „שפין" איינגעשלונגען?

ב ר ו ך: וואָס געפעלט אייך עפעס — א שפין?

ש מ א ל: גאָרניט, גאָרניט... נו, נו... און וואָס נאָך האָט איר עפעס געהערט? איר האָט אפשר געהערט פון... פון זיי... פון אים?

ב ר ו ך: פון וועמען?

ש מ ו א ל: אך, גאָט איז מיין עדות, איך קאָן זיי פאר מיין מויל ניט ברענגען. אָבער דאָס הארץ, דאָס הארץ... כ'קאָן דאָס אייך ניט אויסמאָלן.

ב ר ו ך : איר מיינט, פון אייער ברודער?

ש מ ו א ל : נו... זאָל שוין זיין אזוי... גאָט איז מיין עדות.

ב ר ו ך : אייער ברודער'ס מיידל איז אין... אין אַ משוגעים־הויז.

ש מ ו א ל : איי, איי, איי... אָט דאָס איז דער סוף. — נו?

ב ר ו ך : נו, און אייער ברודער, איז וואָס ס' שייך... גאָרניט. זיי האָט מען דאָך אָפּגעלאָזט.

ש מ ו א ל : אָבער ער... ער... — אוי, דאָס הארץ! — יאָ, ה"ר ברוך, ה"ר ברוך... איך ווייס... איך ווייס... סיביר... סיביר... — איי, מיינע כחות גייען מיר אויס. — נאָר וואו זענען מיינע?.. מיין קינד, מיין קינד!.. ווער ווייסט... ווער ווייסט... און אפשר... ווען... אפשר וואָלט עס צו דעם ניט געווען געקומען. — איי, ניט גוט, ניט גוט. (לאָזט זיך אויפהויבן) זיך צוריק אַוועקלייגן.

ב ר ו ך : (העלפט אים זיך אויפשטעלן, פירט אים אָפּ אין שלאָף־צימער; קומט אַריין צוריק אַ ווײַלע שפּעטער. דרייט זיך אַרום לאַנג־ווײַליק, ווי ער וואָלט ניט וויסן וואָס צו טאָן).

ק ל מ ן : (קומט).

ב ר ו ך : אָ, גוט וואָס דו ביזט דאָ!

ק ל מ ן : (שטעלט אָן לאַנגע, פאַרטראַכטע בליקן אויף אַלעס אַרום זיך, און אויך אויף ברוך'ן).

ב ר ו ך : וואָסע, דערקאָנסט מיך ניט? וואָס קוקסטו אזוי?

ק ל מ ן : (ווי פאַרטשאַדעט) כ'ווייס וואָס איך קוק?..

ב ר ו ך : וואָס איז, קלמן?

ק ל מ ן : וואו בין איך, ברוך?

ב ר ו ך : וואָס איז מיט דיר?

ק ל מ ן : וואָס בין איך אַהער געקומען?

ב ר ו ך : עי, קלמן, קלמן! שטיי אויף! שלאָפסט, וואָס?

ק ל מ ן : (מאַכט אַ באַוועגונג איבערן צימער, באַמערקט סאַ־ניעיס בילד, וואָס אויף דער וואַנט, עסט זיך איין אין איר מיט די בליקן) נישט געווען דאָ?

ב ר ו ך : ניין.

ק ל מ ן : (דרייט זיך ווידער אַרום, ש'טעלט זיך אָפּ, טראַכט).

ב ר ו ך : קלמן, ביזט קראַנק?.. זאָג.

ק ל מ ן : (שווייגט).

ב ר ו ך: זע וואָס פון דיר איז געוואָרן. גיב אַ קוק אויף זיך. (פירט אים צו צום שפיגל) ביזט דאָך ווי אַ מת. וואו זענען דיינע רויטע באַקן. דאָס פייער פון די אויגן?

ק ל מ ן: (קוקט זיך איין אין שפיגל) יאָ, איך זע. (לאָזט אַרונ־טער די אויגן, דרייט זיך אַוועק).

ב ר ו ך: (כאַפּט דאָס אויף, פול מיט פאַרוואונדערונג) וואָס אַנטלויפסטו אַזוי פון׳ם שפּיגל?

ק ל מ ן: (שטיל, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין) אַ פאַר־פלעקטער שפּיגל... פול מיט פלעקן... שוואַרצע פלעקן... (לאָזט זיך, שווער, אַרונטער אויף אַ שטול, פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין די הענט).

ב ר ו ך: (קוקט אויף אים, ציט מיט די אַקסלען; נאָך אַ קורצער פּאַוזע) קלמן, דער אַלטער איז מסוכן און ער איז איינער אַליין. איך בין דאָ געזעסן, געזעסן, אָבער פּרנסה...

ק ל מ ן: זייַ נאָך אַביסעלע, איך בין אויך מסוכן... און אויך אַליין...

ב ר ו ך: אַ, מאַך זיך ניט נאַריש. — איך דאַרף אַוועקגיין.

ק ל מ ן: זייַ... כ׳וויל מיט דיר רעדן. קאָן זיין דו וועסט מיך מער ניט זען —

ב ר ו ך: קלמן! גאָט אי׳ מיט דיר! וואָס פאַר אַ מאַנקאָליע?

ק ל מ ן: ששש... הער... אייזיק׳ס אינגל גייט היינט אַוועק —

ב ר ו ך: קיין סיביר?

ק ל מ ן: יאָ.

ב ר ו ך: עטאַפּנאָם פּאָריאַדקאָם?

ק ל מ ן: אַז קיין סיביר, איז מיטן עטאַפּ; ווי אַזוי דען? און ניט נאָר ער אַליין גייט אַוועק, נאָר...

ב ר ו ך: אַ גאַנצע פּאַרטיע?

ק ל מ ן: יאָ; לאָז־זשע זיך רעדן. — און סאָניע גייט אויך —

ב ר ו ך: פּראָוואָזשייען (באַגלייטן)?

ק ל מ ן: יאָ — ביז סיביר...

ב ר ו ך: סאָניע?!

ק ל מ ן: יאָ, סאָניע.

ב ר ו ך: ס־ס־ס׳הייסט?.. דיין ווייב?!

ק ל מ ן: זי איז שוין ניט מיינע.

ב ר ו ך: ווייל זי וואוינט ניט מיט דיר? דאָס איז גאָרניט.

ק ל מ ן: ניין, ברוך, זי איז שוין ניט מיינע. זי איז פריי. (צייגט אים אַ פּאַפּיר).

ב ר ו ך: (בליקט דאָס דורך) אַ גט?!

ק ל מ ן: (שווייגט, האַלט די אויגן צו דריערד).

ב ר ו ך: וואָס האָט דיך געבראַכט דערצו?

ק ל מ ן: (ענטפערט ניט).

ב ר ו ך: כ'רעד דאָך צו דיר!

ק ל מ ן: עך, מיין פריינט!.. וואָס איז דאָ פאַראַן צו ענטפערן... ברוך!... גלאַט דו וועסט עס ניט פאַרשטיין, נאָר הער: סאָניע איז מיין נשמה! קאָן מען לעבן אָן אַ נשמה?

ב ר ו ך: ע, רעדסטו דאָך עפּעס גאָר ווי אַ אינגל, אַ פריץ! פע!.. סאָניע, נשמה... פע! ביי די יאָרן, אַ מענטש ווי דו...

ק ל מ ן: ששש... כ'וויים ברוך!.. — אַך, ווען איך האָב באַטש פאַר וועמען זיך גוט... זיך דורכרעדן... עפּעס...

ב ר ו ך: וואָס־זשע, איך בין גאָרניט?

ק ל מ ן: האָב איך דאָך שוין פון דיר געהערט.

ב ר ו ך: און וואָס וועט דיר דען עמיצער אַנדערש זאָגן?

ק ל מ ן: אָט דערמיט ביזטו גערעכט. יאָ, ברוך, איך האָב שוין פאַר איר געטאָן — וואָס נאָר איך האָב געקאָנט אין דער וועלט: די העכסטע מיטלען און די נידריגסטע מיטלען; די שענסטע און די מיאוס'טע און אַלעם פירט צו גאָרניט. נאָר ווען איך וויים אַז איך נעם אַפילו איין אַ מיתה־משונה, מוז איך מיינס אויספירן! איך בין גרייט צו ווערן אַ גאָט, אַ שד — אַלעס טאָן!.. נאָר אַ שד בין איך שוין געווען, איצט גיי איך ווערן אַ גאָט —

ב ר ו ך: (פּלאַצט אויס אַ געלעכטער).

ק ל מ ן: אידיאָט!.. וואָס איז דאָס לאַכן!

ב ר ו ך: וואָ'דען ווילסטו זאָל איך טאָן? כ'קאָן זיך שוין מער ניט איינהאַלטן... ווילסט איך זאָל צעזעצט ווערן — (לאַכט).

ק ל מ ן: הער אויף! ברוך!

ב ר ו ך: עך, טשודאַק, „וואַשע בלאַגאָראָדיע" — (צעלאַכט זיך אויף סניי).

ק ל מ ן: ברוך! אויב דו הערסט ניט אויף!

ב ר ו ך : (קוקט אויף אים אַ ווײַלע; דורך אַ גוטמוטיקן, שפּאַ־סיקן שמייכל) נו, נו, זאָל שוין זיין אַזוי. — אַלזאָ, בלייב דאָ, איך מוז אַוועקגיין. (אָפּ צו דער טיר).

ק ל מ ן : קום באַלד צוריק, דו הערסט.

ב ר ו ך : כ׳האָב אַסך אַרבעט.

ק ל מ ן : אויב דו קומסט ניט שפּעטער, וועסטו מיך מער ניט זען... איך פאָר אויך מיט —

ב ר ו ך : ווידער משוגעת׳ן! פּע, פּע! כ׳וויל דאָס ניט הערן! אַ מענטש ביי די יאָרן, און זיך אַריינגענומען אַזעלכע מאַנקאָליעס!

ק ל מ ן : לאָז-זשע זיך רעדן, דולער —

ב ר ו ך : פּע! פּע!.. (אָפּ האַסטיק).

ק ל מ ן : (נאָכשרייענדיק) וואַרט!... — אַוועק... נו, וואָס וועט איצט זיין?..(דרייט זיך אַרום פאַר אַ ווײַלע, אָפּ צו לעצט צו שמואל׳ן אין שלאָף־צימער. פּאַוזע).

ח נ ה, ס אָ נ י ע : (קומען. גייען אַרום הין־און־הער, געשלאָגן און ווערטערלאָז).

ק ל מ ן : (טרעט צוריק אַרויס, בלייבט שטיין אויף דער שוועל).

ס אָ נ י ע : (לאָזט זיך אַריינגיין צו שמואלן אין צימער).

ק ל מ ן : (שטעלט זיך אָן אַ זייט, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן שלאָפּט.

ח נ ה : (דורך אַ פאַרדרייטן בליק) וואָס איז אים?

ק ל מ ן : כ׳האָב נאָך מיט אים ניט גערעדט. (אַ קורץ שווייגן).

ס אָ נ י ע : (גייט צו צום פענצטער, קוקט אַרויס).

ק ל מ ן : (טרעט צו צו איר, בלייבט שטיין הינטער אירע פּלייצעס; דערלאַנגט איר דאָס פּאַפּיר, — וואָס איז פריער וועגן דעם דער־מאָנט געוואָרן).

ס אָ נ י ע : (בליקט דאָס דורך; דורך אַ ביטערן שמייכל) מאַמע! קלמן האָט מיר געבראַכט אַ גט.

ח נ ה : (איראָניש) האַנדלט ווי אַן ערליכער איד, געקומען צום שכל. אַז צוהאַלטן, ווייזט אויס, קאָן מען ניט...

ק ל מ ן : ניט דאָס, חנה, ניט דאָס. דער גט, חנה, איז געשריבן מיט בלוט און טרערן —

חנה: ניט מיט ווייניקער בלוט און טרערן, גלויב איך, ווי די כתובה איז געשריבן געוואָרן.

קלמן: אַך, חנה, איך בעט אייך... דאָ שטייט פאַר אייך אַ צעבראָכענער שאַרבן, טרעט אים ניט... און אפשר — יאָ, איר האָט אַ פולע רעכט דערויף. טרעט, שטעכט, זייט זיך אין מיר נוקם... (אַן אָפּגעריסן שווייגן).

סאָניע: (אָפּ צו שמואלין אין צימער, גייט אַריין אויף די שפּיץ פינגער; קורצע פּאַוזע; טרעט צוריק אַרויס).

חנה: נו, וואָס טוט ער?

סאָניע: שלאָפט. — אַך, כ'קאָן אים ניט וועקן. ער איז דאָך אַזוי קראַנק און בלאַס. און וואָס? ווי זאָגט מען דאָס אים? ער אָטעמט דאָך קוים —

אייזיק: (פאַלט אַריין מיט אַ געוויין).

חנה: וואָס איז, אייזיק?!

סאָניע: אָנקל!

אייזיק: די טאַנטע!.. די טאַנטע!.. אַ טעלעגראַמע!.. לייען... (פאַלט צו צום טיש).

סאָניע: (כאַפּט אונטער דאָס פּאַפּיר פון לעצטנס האַנט, לויפט דאָס דורך מיט די בליקן) סאַלאָמאָן געהאַנגען?!

חנה: גאָט!.. פאַרוואָס?

סאָניע: פאַר ניע איספּאָלניעניע פּריקאַזאַניע (ניט פאָלגן).

חנה: גאָט!

אייזיק: אַ תכלית, חנה, אַ תכלית...

חנה: און איטע?

אייזיק: אַ פּאַפּלעקסיע — — (אַ פאַרשטיינערט שווייגן) אַ מעטום אַ חלק: אין משוגעים-הויז; אויף דער תליה; אין סיביר... אַך, אַך!..

שמואל: (פון זיין צימער) אייזיק! אייזיק! מענטשן, וואו זענט איר!

אלע: (אָפּ צו שמואלין — אימפּעטיק; קורצע שטילקייט).

דוניע: (לויפט אַריין) וואו זענט איר!.. קומט זיך געזעגענען מיט מאַרקוס'ן! שנעל! (איר בליק פאַלט אויף דער טעלעגראַמע —). וואָס?!

אײזיק: (אַרײַן).

דוניע: װאָס פאַר אַ טעלעגראַמע?!

אײזיק: אַט דאָס װאָס איר זעט... נאָר איך בעט אײַך, זאָל זײַן שטיל; קײן װאָרט ניט צו מאַרקוס'ן. (אין שלאָף־צימער אַרײַן) אין איר אויך — זאָל מאַרקוס פון גאָרניט װיסן! (אָפּ).

דוניע: (בלײַבט זיצן פאַרשטײנערט).

קלמן: (אַרײַן שנעל; צו דוניע'ן) װאו־זשע איז ער?

דוניע: מ'לאָזט אים ניט אַרײַן —

קלמן: (ראַש אָפּ).

דוניע: (בלײַבט זיצן, װי פריער. פּאַוזע).

סאָניע, חנה: (פירן אַרײַן שמואל'ן אונטער די הענט).

שמואל: װאָס איז דאָ געװען פאַר אַזאַ געפּילדער?

סאָניע: מרדכי...

שמואל: קײן סיביר?.. (אַ שװײַגן) װײַזט אויס, גאָט'ס רצון, מײַן קינד. אם מ"ד יצא הדבר... — אוי!.. — קענגן גאָט, מײַן קינד, קאָן מען ניט גײן, דאָס אי' דער סוף פון... — אוי, מײַן האַרץ!.. ס'טראָגט מיר... — אוי, מײַן קינד, מרדכי גײט קײן סיביר, און איך נאָך װײַטער. —

סאָניע: טאַטע — — (צעװײנט זיך) טאַטע... (צו חנה'ן, שטיל) אַך, מאַמאַ, װי זאָגט מען דאָס אים...

שמואל: חנה, קום אַהער... װאָס שטײסטו אַזוי פונװײַטן? קומט 'הער, חנה, שרה'קעלע... פאַרגעסט ניט װאָס איך בין צו אײַך... װאָס איך האָב ניט געטאָן, האָב איך חלילה קײנמאָל ניט געמײנט אײַער רעה... און אויב איך האָב זיך מיט עפּעס קעגן אײַך פאַרזינדיקט, אָדער ניט יוצא געװען, בעט איך מחילה... קומט 'הער אַרום מיר...

חנה: (צוטרעטנדיק) שמואל! װאָס פאַר רײד?

סאָניע: טאַטע... שטאַרק זיך... װאָס רעדסטו... (קושט אים).

שמואל: טאָכטער מײַנע — (קושט איר אױפּן קאָפּ) זײ מיר מוחל — — (פון קאָרידאָר דערטראָגט זיך אַ קלינגערײַ פון שװערע טריט).

מאַרקוס: (אַרײַן — אָנגעטאָן אין אַרעסטאַנטן־קלײדער, און געשמידט אין קײטן).

קאָנװאָיניק: (אין דער האַנט אַ גלאַנציקע שװערד, ענט־

בלויזט; בלייבט שטיין אויף דער שוועל, די אויגן אָנגעשטעלט וואַכ־זאַם אויף מאַרקוסין).

איזיק: (אַריין — שטיל, מיט אַ פאַרווײנט פּנים און פאַר־ביטערט האַרץ).

קלמן: (קומט אַריין — צעבראָכן און ווי אויטאָמאַטיש).

מאַרקוס: (גלייכצייטיק) פעטער!.. זייט ניט ברוגז וואָס איך רוף אייך — פעטער. דאָס וואָרט „פעטער" קומט ביי מיר פון הארצן. מיט דעם וואָרט בין איך אויסגעוואַקסן.

שמואל: גענוג, מרדכי. רייד זענען איבעריק...

מאַרקוס: (פאַלט צו צו אים אויפן האַלדז).

שמואל: פארגעס, מיין קינד, דערין וואָס איז געווען... אפשר עס זאָל געווען זיין אַנדערש, וואָלט דאָס איצט אַנדערש אויסגעקוקט. נאַר... — אוי!.. איך בין... כ'קאָן ניט רעדן...

איזיק: גאָט איז מיט דיר, שמואל, לאָז זיך ניט אָפּ —

שמואל: קומט 'הער, קומט אהער, אַלע ארום מיר; אַלע...

אַלע: (שטעלן זיך אויס אַרום אים).

שמואל: זייט מיר אַלע מוחל... אַלע... מ—מ—מ...

מאַרקוס: פעטער!.. — טויט!

איזיק: ברוך דין אמת.

פאָרהאַנג

## זיבעטע בילד

(סיביר... צווישן בערג און ביימער שטייט אַן אַלט, הילצערן שטיבל: די ווענט פון פלאַכע באַלקנס, געלייגט איינס אויפֿן צווייטן, דאָ-דאָרט מיט גרינעם מאָך פאַרוואַקסן. דער דאַך מיט טשערעפ געדעקט. פאַר דער טיר — אַ גאַניק, מיט אַ פּאָר הילצערנע טרעפּלעך אַרויפצוגיין. אויפֿן גאַניק שטייען אַ פּאָר בליענדע וואַזאָנען, און אָן אַ זייט ליגט אַ האַק, אַ זעג, און צעיזעגיטע האָלץ. — אַרום שטיבל וואַקסן יונגע ביימעלעך, און הינטער די ביימעלעך שטייט אַ הילצערנע באַנק. אַרום די פענצטער וואַקסן רויזן, סאָנעשניקעס. ניט ווייט פון שטיבל ציט זיך אַוועק אָן אַ זייט אַ האַלב־אויסגעטראָטענע סטעזשקע און אויף לינקס און רעכטס, אַרום און אַרום — האַלב-קיילעכדיקע, און משופּעדיקע אָפּגעריסענע הימל־בערג געדעכט און ווילד פאַרוואַקסן מיט ביעראָזאָווע, פאַרשלאָפענע וועלדער — אַ טאַיגאַ... — עס בלאָזט אַ מחיהדיק שטיל ווינטעלע און פאַר שטילקייט הערט זיך פון אַרום דאָס שורשען פון די בלעטער און דאָס הוזשען פון די פליגן אין די גראָזן. גאַנץ אָפּט דערטראָגט זיך פון די וועלדער דאָס שרייען און זינגען פון פויגלען און פייגעלעך... ווייט בילט אַ הונט, און פון מאָל-צו־מאָל איז צו הערן פון הינטערן שטיבל אַ לעבעדיקן טומל פון עופות.

עס איז בין-השמשות, נאָך אַ שיינעם זומער־טאָג. ערגעץ וואו אויף אַ שפּיץ בוים שטעקט די זון, האַלט אין זינקען; זינקט אַרונטער צווישן די בלעטער — אַלץ טיפער און טיפער).

קלמן: (שטאַרק געענדערט, דאָס פּנים מאָגער, פאַרוואַקסן,

זיצט אויף אַ טרעפּ פון גאַניק, איין פוס אונטער זיך, דעם צווייטן אויסגעצויגן. דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט. זיצט אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אויף דער קניע, טיף פאַרזונקען אין געדאַנקען).

מאַרקוס: (איז געקליידעט אין פּראָסטע, אָפּגעטראָגענע מל־בושים, דאָס געזיכט פאַריהאָריקט. אויף די אויגן בלויע ברילן. ליגט אויף דער באַנק וואָס הינטער די ביימער; ביי דער זייט אַ שטעקן, צו־קאָפּנס אַ קישעלע — שלאָפט).

סאָניע: (טראָגט אויך איינפאַכע קליידער; פאַרעלטערט. זיצט נעבן מאַרקוס'ן. פירט צערטליך איר האַנט איבער זיין קאָפּ).

קלמן: (שטעלט אָן לאַנגזאַם זיינע בליקן אויף די לעצטע; קוקט אויף זיי פון אונטערן שטערן — לאַנג און באַדייטונגדיק).

סאָניע: (מיט איר האַנט איבער מאַרקוס'עס האָר, פאַר זיך) אך, מאַרקוס, מאַרקוס... וויפל דו האָסט זיך ניט אָנגעליטן און אויס־געשטאַנען... און פאַרוואָס? אַליין צוליב מיר... (קושט אים אויף'ן קאָפּ).

קלמן: (נעמט אָן צוריק די ערשטע פּאָזע).

סאָניע: (נאָך אַ שווייגן) מאַרקוס! קום אריין עסן. די זון זעצט זיך שוין.

מאַרקוס: יאָ, סאָניעטשקאַ, שוין באַלד נאַכט; אָבער טאַקע דערפאַר וויל איך נאָך כאַפּן אַ דרימל — אַ קליין דרימעלע. שוין אפשר באַלד גיין אין פעלד אריין.

סאָניע: רו זיך אָפּ איין נאַכט.

מאַרקוס: ניין, סאָניעטשקאַ. היינט אויב ס'וועט זיין אַ שיי־נע לבנה-נאַכט, טאָר מען זי ניט פאַרשלאָפן. פאַראַן נאָך אסך צום שניידן. בייטאָג איז שווער, די היצן טשמעליען; ספּעקעס — אַ פוס ניט צו שטעלן צו דר'ערד; און פון ווינטער איז דאָך אָפּגערעדט אז מ'קאָן גאָרניט אויפטאָן. סיביר ווייסט ניט פון קיין מאַניפאָרגעס: ווינטער איז ווינטער! מוז מען איצט זען צו־אַרבעטן, מיין טייערע. און אז מירן ניט צו-אַרבעטן דעם זומער,וועלן מיר דעם ווינטער ניט האָבן וואָס צו עסן. און דער זומער איז גרויס ווי אַ גנייץ און דער ווינטער אזוי לאַנג — ווי אַ „ראַבונישע" זשופּיצע!

סאָניע: רעדסט שוין באַלד ווי אַ געבוירענער כליעבאָ-פּאַ־שיעץ (ערד-אַרבעטער).

מאַרקוס: די אַטמאָספערע, סאָניעטשקאַ; די אַטמאָספערע, טייערע... די נאַטור!.. אָ, זי ענדערט אַלעם! דער מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ נול, אַ ליידיק פּעסל; וואָס די נאַטור מיטן לעבן בלאָזן אין אים ניט אַריין, דערמיט דעכבעט ער. געדיינקסט מיינע ווערטער פון אַמאָל? „דער מענטש, דאָס לעבן און די נאַטור"! יאָ, מיין טייערע, קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט. איצט בלייבט פאַר אונדז איין פראַ־גע — עסן! עסן, שלאָפן און אַרבעטן. מער איז איצט פאַר אונדז גאָרניט געבליבן, אויב מיר ווילן נאָך לעבן. ציוויש מענטשן קומען קאָנען מיר ניט און עס לוינט זיך ניט. ניטאָ מיט וועמען. דאַרפן מיר אַליין, מיט אונדזערע כחות און מוחות אויפהאַלטן אונדזער וועלטל. אַ שטיבעלע האָבן מיר, אַ שטיקעלע ערד אויך; קיינער טשעפּעט אונדז ניט, מיר טשעפּען קיינעם ניט. איז אָט אַזוי — איך, דו, און קלמן, וועלן מיר איינדרייען גיין האַנט-אין־האַנט... — וואָס זאָגסטו, טאַוואַ־רישטש, ניט אַזוי?

קלמן: (שווייגט, ענדערט ניט זיין פּאָזע).

מאַרקוס: עי, קאַליעגאַ! וואָס האָסטו דאָרט אַזוי די נאָז אַראָפּגעלאָזט! זיך פאַרביינקט נאָך וועמען, וואָס? — וואָס איז דאָס! איך רעד צו אים און ער שווייגט!

סאָניע: יאָ, ליבינקער, דיר איז גוט.

מאַרקוס: זיי אויך צופרידן, טייערע. פון דער רעה איז גע־וואָרן אַ טובה. אמת, מיר זענען אַהער, ווי פּאַלאָווקעלעך פון אַ שטורם־ווינט פאַרטראָגן און פאַרוואָרפן געוואָרן פון איין עק וועלט צו אַ צווייטן. נו, איז אָט אַזוי — אַליין, אָפּגעזונדערט... און מענטשן? אויף זיי איז גוט צו קוקן בלויז פון וויטן. טראַכטן פון זיי אַמאָל אַלס אַ פאַנטאַזיע, יאָ; אָבער זיין מיט זיי צוזאַמען... עט, בעסער ניט צו רעדן דערפון. רעד איך — דערמאָנט עס... ניין, סאָניעטשקאַ, בעסער שווייגן. אָט אַזוי — (נעמט זי אין די אָרמס, קושן זיך. נאָך אַ קור־צער פּאַוזע) איצט לאָז מיך נאָך אַביסעלע רוען. עפּעס פיל איך אַזאַ ליבע מידקייט... גיי דערווייל צו צו אים, צעדרעכע אים נאַר. עפּעס האָט ער מיר שוין דאָרט צו טיף די נאָז אַראָ׳געלאָזט. גיי צו צו אים גיי. — (צו קלמניען) עי, טשודאַטשאָק, פּראָסנים (וואַך אויף)... ס׳זאָל דאָס אַ שמייכל טאָן... (פּאַוזע. נורעט זיך איין, שלאָפט).

פּויערים: (פון ווייט, קוים צו פאַרכאַפּן מיטן אויער, הילכט אָפּ אַ געזאַנג פון וואַלד פון אָנקומענדיקע פּויערים. זינגען די ליד וועגן יערמאַקין: — ).

“Ревела буря, дождь шумел,
Во мраке молния блестала,
И безпрерывно гром гремел
И ветры в дебрях бушевали.“

(ס'ירעוועט אַ בורע, אַ רעגן זשומעט,
אין חשכות בלישטשעט דאָרט אַ בליץ,
און אָן אויפהער אַ דונער דונערט
און ווינטן בושעווען אין וועלדער).

סאָניע: (טרעט צו צו קלמן'ען, זעצט זיך אַוועק אויף אַ טרעפּ העכער; צערטליך) קלמן!

קלמן: (ענטפערט ניט. איז פאַרטיפט אין הערן די ליד).

פּויערים: (זינגען גלייכצייטיק; ווי זיי וואָלטן פאַרבייגיין גאָר נאָענט; יעדער וואָרט שאַרף און דייטליך).

“Ко славе страстию дыша,
В стране суровой и угрюмой,
На диком бреге Иртыша
Сидел Ермак об’ятой думой.“

(נאָך רום מיט ברענענדיקן חשק,
אין אַ בייזן אומעטיקן לאַנד,
אויפן ברעג דעם ווילדן פון אירטעש
אין געדאַנקען פאַרזונקען זיצט יערמאַק).

(פּלוצים רייסט זיך אַריין פאַר אַ רגע אַ פייפעריי מיט אַ רע-דער־געדויש פון אַ פאַרביילויפנדן צוג, ערגעץ ניט ווייט).

סאָניע: (שטעלט אָן אַ פאַרביינקטן בליק אין דער ווייטקייט).
פּויערים: (זעצן פאָר, אין אָפּגאַנג).

"Товарищи его трудов,
Победы громозвучной славы,
Среди раскинутых шатров
Спокойно спали средь дубровы."

(חברים פון זיינער אונטערנעמונג
און זיג פון דונערדיקן רום,
צווישן צעוואָרפענע געצעלטן
רואיק שלאָפן אין מיט פון וואַלד).

(שטילער און שטילער).

"Вы спите, милые герои,
Друзья под бурею ревущей,
С разсветом глас раздастся мой,
На славу и на смерть зовущий."

(איר שלאָפט, מיינע חשוביע העלדן,
מיינע פריינט, אין אַ רעוועדיקער בורע.
פאַרטאָג מיין קול וועט זיך צעטראָגן,
און רופן גרייט פאַר רום און טויט).

(שטילקייט).

סאָניע: (צו קלמן׳ען) וואָס זיצסטו, טאָוואַרישטש, אַזוי פאַר־טראַכט? האָסטו געהערט די ליד פון אונדזערע ברידער? אַ ליד פון קאַמף אויף לעבן און טויט...

קלמן: אַ ליד פון קאַמף? גיכער איז דאָס אַ קלאָג־ליד. (פאַר־שווייגט).

סאָניע: קלמן! וואָרום ביזטו אַזוי דערשלאָגן?

קלמן: (שווייגט).

סאָניע: הערסטו ניט די לידער פון גאָט׳ס מלאכים׳לעך, די פייגעלעך? זע ווי אַלעם לעבט, קעמפט, שפרינגט און זינגט...

קלמן: יאָ, דעם מינדסטן פליגעלע, דעם נישטיקסטן וואָרים איז בעסער פון אונדז.

סאָניע: ווייל ביי זיי, קלמן, לעבט שלום און אַחדות. איין וואָ-

רים דעם צווייטן איז ניט מקנא, און אזוי־לאַנג ווי ער קאָן בלויז לעבן, איז ער צופרידן. — יאָ, קלמן, דעם הימל צו דר׳ערד קאָן מען ניט ארונטערבויגן.

קלמן: מיין גאָט! אָבער מיר זענען דאָך ניט קיין ווערים!.. וואָס זאָלן אַזעלכע ווי איך טאָן? מענטשן מיט געפילן!.. דו הייסט מיר הערן די לידער פון די פויגלען. ווי קאָן איך זיי הערן, ווען איך הער אַ בלוטיקע ליד אין מיין אייגענעם הארצן; אַ ליד פול מיט בלוטיקע פראַגעס.

סאָניע: פון וואָס? דערצייל, ברודער.

קלמן: אַך, סאָניא!.. (נעמט אַריין איר האַנט אין זיינער) וואָס נאָך איז געבליבן פאַר מיר צו טאָן?

סאָניע: גאָרנישט טאָן; גאָרנישט טאָן, ברודער. האָסט געהערט ערשט מאַרקוס׳ן רעדן? און ער איז גערעכט. אָט אַזוי לאָז דאָס גיין. זיך פאַרקליבן אַהער, שאַ־שטיל — זיי צופרידן, דאָ ווערט דאָס אַלטע פאַרגעסן. זעסט דאָך — (מיט אַ פינגער אויף מאַרקוסין). דאָ זענען מיר צווישן בערג. בערג אַרום און אַרום! מיר זענען אָפּגעזונ־דערט פון דער וועלט, די וועלט פון אונדז.

קלמן: אַך, ניט דאָס, ניט דאָס, סאָניא. זע — זע פינף יאָר זענען שוין אַוועק! פינף יאָר!.. יאָרן פול מיט ליידן און שמערצן.

סאָניע: פון וואָס, קלמן?

קלמן: סאָניא! דו ווייסט... דו ווייסט פון וואָס איך לייד, ניין? דו ווייסט גוט פאַרוואָס איך האָב מקריב געווען מיין „איך”, מיין נאָמען, מיין שטאָלץ, מיין שטאַרקייט, און וואָס ניט!

סאָניע: באַשולדיקסטו מיך דעריין, קלמן?

קלמן: ניין, סאָניעטשקאַ, ניין... (פאַלט צו צו איר האַנט) אייזערנע פעסטונג מיינע! אַך, סאָניא! זע — איך, קלמן, די שטאַר־קייט אַליין! איך, דער, פאַר וועמען אַלעם האָט געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער און... און איך, דער — שטיי ווי אַנאַסע, אויסגעשמיסענע הון מיט אַרונטערגעלאָזענע פליגל! און פאַר וועמען — פאַר דיר, סאָ־ניא! ניין, איך וואָלט אַזעלכעס קיינמאָל ניט געגלויבט אַז איך, דער אַדלער, זאָל ליגן צו די פיס פון אַזאַ קליין, נישטיק פייגעלע ווי דו...

סאָניע: „אַזאַ קליין, נישטיק פיינגעלע"... „אַ שיינער קאָמ־פּלימענט".

קלמן: כ'מיין — קליין, אין קערפּער, סאָניאַ, אין קערפּער. וואָרעם וואָלט איך דען ניט געקאָנט אָט אַזוי דיך אַריינעמען אין מיי־נע אָרמס, און מיט איינמאָל —

סאָניע: קלמן!.. (טרעט אָפּ, אין שרעק).

קלמן: אַך, דו נאַרעלע, וואָס שרעקסטו זיך? דו ביזט דאָך מיין נשמה. און קיין שלעכטס האָב איך דאָך ניט נאָר דיר, נאָר קיי־נעם אין מיין לעבן ניט געטאָן. איך האָב בלויז געזוכט מיין טובה, דאָס אַלעם. אָבער וועֶר־זשע איז אין דעם זינען בעסער פאַר מיר? ס'איז ניט מער, דאָרט וואו איינער איז שוואַך, בין איך שטאַרק. אַן אַנדערער שטעלט זיך אָפּ ווען ער קאָן זיינס ניט דערגרייכן, און איך גיי ווייטער — דורך טיר־און־טויער, דורך פייער; קיין זאַך שטעלט מיך ניט אָפּ. — קום אַהער, סאָניעטשקאַ, זעץ זיך אַוועק אָט דאָ לעבן מיר. נאַרעלע, ווען איך זאָל זוכן דאָס וואָס איז גרינג צו געפי־נען; ווי, למשל... אָט דאָס פאַרוואָס דו פליינסט זיך שרעקן פאַר מיר ווען דו פליינסט מיט מיר בלייבן אונטער פיר אויגן... אָ, דאָס איז דאָך דאָס גרינגסטע.

סאָניע: שוין לאַנג, קלמן, אַז איך האָב דיך ניט געהערט אַזוי רעדן ווי היינט... אַזוי מאָדנע... וואָס האָט דאָס דיר אַרויפגעבראַכט אויף דיין צונג?

קלמן: וועגן דעם האָב איך געטראַכט.

סאָניע: שוין ווידער עפּעס ניט פריילעך מיט דיר, טאָוואַ־רישטש.

קלמן: „טאָווארישטש" — כאַ־כאַ־כאַ... אַנו ליין אַרויף דיין האַנט אויף מיין קאָפּ; און אַנו, טו מיך אַזוי אַ גלעט ווי דו האָסט דאָס פריער געטאָן מאַרקוס'ן. אַנו, צייג וואָס פאַר אַ „טאָווארישטש" איך בין דיר. —

מאַרקוס: (וואַרפט זיך דורך).

סאָניע: (גלייכצייטיק) עך, דו גרויס־קליין קינד... נו נאַ דיר אַ גלעט.

קלמן: און אַ קוש?

סאָניע: נאַ דיר אַ קוש. (טוט דאָס).

קלמן: אַ... (ווישט אַרונטער) ניט דאָס, ניט דאָס... ניין, אויב איך קאָן ניט ווערן מער ווי אַ „טאָוואַרישטש". ווערן — דו פאַרשטייסט...

סאָניע: קלמן! דו גייסט דאַכט זיך צוריק... (אָפּ, אין הויז).

קלמן: (פאַר זיך) אַ?.. „צוריק"?.. (הויבט זיך האַסטיק אויף, שטעלט אָן אַ פייערדיקן בליק אין דער לעצטערים ריכטונג, מאַרשירט אַוועק; אָפּאַרט) „צוריק"?.. „צוריק"?.. (חזרט דאָס איבער עטליכע מאָל; גייענדיק צום הינטערגרונט) יאָ, אויב איך בין נאָך ניט געוואָרן קיין גאָט, דאַן מוז מען ווערן צוריק אַ שד! אַ שד, אָדער אַ גאָט — דאָס איז די פראַגע! (גייט טיפער צום הינטערגרונט).

סאָניע: (צוריק אַרויס) קלמן! גיי ניט אַוועק. מיר גיין באַלד עסן.

קלמן: שוין עסן אין קליוקווינע (אַ דערבייאיק שטעטל).

סאָניע: וואָס רעדסטו! אַ גאַנצן טאָג ביזטו אַרומגעגאַנגען אויף דער היץ, געקליבן יאַגאָדעס, געהאַקט האָלץ, און...

מאַרקום: עי, טשודאַק!.. קענגן נאַכט גייסטו אַוועק? (דורך שפּאַס) די בערן וועלן דיך נאָך אויפעסן. (לאַכט) קום אַהער!! ברוגז געוואָרן, וואָס? קום אַהער, וועט זי דיך נאָך אַביסל גלעטן. — טאַקע אַוועקגעגאַנגען?

סאָניע: (אָפּ צום הינטערגרונט, קוקט אים נאָך) דרייט זיך אַרום.

מאַרקום: עפּעס ברויעט אין אים.

סאָניע: איז דאָס דען ערשט פון היינט? שוין אַן אַלטע קרייענק. ווייסט דאָך: ווי דו זאָלסט קיין וואָלף ניט האָדעווען, קוקט ער אַלץ אין וואַלד אַריין. — אַלזאָ, קום עסן.

מאַרקום: איך גיי, איך גיי, סאָניעטשקאַ. מאַך דערווייל אַלעס גרייט.

סאָניע: (אָפּ אין הויז).

מאַרקום: (שלאָפט ווידער איין. פּאַוזע).

קלמן: (זיך אומקערנדיק, ווידערהאָלט פאַר זיך נאָך אַלץ ווי פריער) „צוריק"... „צוריק"... יאָ, צוריק! זיך אַרויסרייסן פון אָט די

טויטע בערג!.. צוריק צום לעבן!.. (טרעט צו, שטיל, צו מאַרקוס׳ן, קושט איס; מאַכט אַ באַוועגונג אַריינצוגיין אין שטוב — שטעלט זיך פּלוצים אָפּ. טוט אַ קלער, רייסט זיך אָפּ, לאָזט זיך אַוועק אין וועג אַריין).

סאָניע: (אין הויז, פּאַנגט אָן זינגען די זעלביקע ליד, וואָס אין דער ערשטער בילד: טשאַיקאָווסקיס „נאַכט".

קלמן: (בלייבט שטיין).

סאָניע: (זעצט פאָר).

קלמן: (שטייט ווי צוגעשמידט, הערט זיך איין).

סאָניע: (זינגט. ענדיקט די ליד, קומט אַרויס פון הויז. צו קלמן׳ן) נו, ביזט נאָך אַ הינגער? קום שוין אַריין. וואוהין וועסטו גיין, און נאָך ביינאַכט... אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט... וועסטו בעסער אָפּעסן און זיך לייגן שלאָפן, זיך אויסרוען.

קלמן: (בלייבט אויף זיין פּלאַץ ווי פריער, הערט ניט וואָס זי רעדט צו אים).

סאָניע: נו, מאַרקוס, עסן!

מאַרקוס: (שטייט אויף, קוקט אויף קלמנ׳ן, רייבט זיך די אויגן) שוין געקומען צוריק פון קליוקווינע? איז שוין טאַקע אַזוי שפּעט?

סאָניע: ווי, ער איז נאָך אין ערגעץ ניט געגאַנגען.

מאַרקוס: אַך, זיך אויסגעשלאָפן... — נו, קלמן, אַריין. וואָס פאַר אַ כאַנדראַ איז היינט אויף דיר?

קלמן: (צוריקגעהאַלטן) כ׳קום באַלד אַריין.

סאָניע: (אָפּ אין הויז).

מאַרקוס: (לאָזט זיך גיין נאָך דער לעצטער, אָנגעשפּאַרט שווער אויפ׳ן שטעקן און אונטערהינקענדיק. שטעלט זיך אָפּ, שמערצליך) אַך, די קייטן!.. די קייטן!.. לאָזן זיך ניט פאַרגעסן!.. (אַ ביסטרע בליק פאַר זיך אין דער ווייטקייט) דאָס לעבן — מם!.. דער מענטש!.. דאָס לעבן און — די נאַטור!.. די אייביקע הערשערן... שאַפערן פון שקלאַפן און שקלאַפעריי!.. אייביקע שקלאַפעריי!.. (פאַרקריצט מיט די ציין, אָפּ, הינקענדיק, אין הויז. — עס שלאָגט איצט פון דאָרט אַ שיין פון אַ קליין אָנגעצונדן קעראָסין־לעמפּל).

קלמן: (נאָך אַ לײנגער שװײַגן, פֿאַר זיך) נו, װאָס טוט מען?..
בלײַבן דאָ, צו גײן צוריק?.. ס'איז דאָך נאָך אַ פֿראַגע אצינד —
װאוהין?.. (פּאַוזע) נײן! נישט צוריק! נישט צוריק!.. אָט אָט־דאָ! מײַן
גאַנץ לעבן דאָ אָפּצוזיצן, און צוריק ניט אָפּטרעטן!.. אָט אַזױ!.. כ'בין
בלויז קענגן דער נאַטור אַ גאָרניט; אַלס לעבן — אפשר אַ טראָפּן;
אָבער אַלס איך, אַלס מענטש — בין איך דאָך אַ ים! — נײן! כ'װעל
ניט אָפּטרעטן! אָט אַזױ!.. (זעצט זיך אַװעק אויף די טרעפּ, פֿעסט און
פֿול מיט עקשנות; דעם קאָפּ פֿאַרגראָבן אין די הענט).

פֿאָרהאַנג

# עפּילאָג

(פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער. דאָס זעלבע שטיבעלע, בלויז די יונגעביימעלעך זענען שוין איצט הויך און ברייט צעוואַקסן).

מאַרקוס: (ליגט אויף דער זעלבער באַנק, הינטער די ביימער; דער שטעקן נאָך אַלץ ביי דער זייט, דאָס קישעלע צוקאָפּנס — שלאָפט).

סאָניע: (זיצט לעבן מאַרקוס'ן, אין דער זעלבער פּאָזע ווי אין דער פריערדיקער בילד; פּירט איר האַנט איבער זיינע גרויע האָר).

קלמן: (זיצט אויף די זעלבע טרעפּ, דער קערפּער אויסגע-בויגן אויף צוריק. הינדעלעך לויפן אַרום אים הין-און־הער און ער וואַרפט זיי ברעקלעך ברויט. אויף זיין ברוסט זיצט אַן אַלטע ווייסע הון — גאַנץ רואיק און געמיטליך. פּירט ער צערטליך זיין האַנט איי-בער דער הון, און פון צייט-צו-צייט שוועבן זיינע בליקן רואיק און פאַרטראַכט אויף די שפּיצן פון די אַרומיקע בערג און ביימער. ערגעץ, ניט ווייט אַוועק, ווערט ווידער געזונגען די זעלבע ליד וועגן יערמאַקין. קלמן הערט זיך איין שמערצליך, זינגט אונטער שטילערהייד, ביז ער דרימלט איין).

סאָניע: שלאָפסט, מאַרקוס?

מאַרקוס: יאָ, מיין טייערע.

סאָניע: שטיי אויף, חיות'ל... (קושט אים).

מאַרקוס: שוין פאַרטיק טיי?

סאָניע: יאָ, מיין ליבער. טשעריאָמוכע (סיבירער ווײַנשל) אויך פאַרגרייט.

מ אַ ר ק ו ס : און וואו איז קאַליאַ (קלמן) ?

ס אָ נ י ע : כאַפּט, דאַכט זיך, אויך אַ דרימעלע, אויף זיין שטיי־גער, — אויף די טרעפּ.

מ אַ ר ק ו ס : (אַ בליק צו קלמניען) די הינדעלעך האָבן אים פאַרשליפעט, כאַ־כאַ־כאַ...

ס אָ נ י ע : (שטיפעריש) אים גיין אַ שנאָל טאָן. (טרעט צו צו קלמניען, טוט אים אַ לייכטן, ליבליכן פּיק, לייגט צו איר קאָפּ אויף זיין ברוסט) שלאָפסט, ברודער ?

ק ל מ ן : (פאַרחלומ׳ט) יאָ, שוועסטער מיינע... (פירט זיין האַנט איבער איר פּנים, פול מיט ליבע און צערטליכקייט. לאַנגע פּאַוזע. אַלע דריי ווערן איינגעשלאָפן — ווי פאַרוויגטע אויסגעמאַטערטע קינדער נאָך אַ שפּיל פון כלערליי קונצן).

סוף

